„ביכער פאר אלע"
№ 22-23.

לאסאר איגניס.

# דער וועג צום איביגען גליק.

א פאליטישעקאנאמישער עטיוד.

פרייז 10 קאפ.

פערלאג „ביכער=פאר=אלע", ווארשא.
דלוגא 26
ווארשא, תרס"ה.

# ДЕРЪ ВЕГЪ ЦУМЪ ЭЙБИГЕНЪ ГЛИКЪ

т. е. Путь къ вѣчному счастію.
Политико-экономическій этюдъ.

Соч. **Ласара Игниса.**

Цѣна 10 к.

Изданіе „Бихеръ-фаръ-алэ"
Варшава, Долгая 26.

ВАРШАВА
„Издательская Типографія", Панская 20.
1905.

# דער וועג
# צום אייביגען גליק.

א פאליטיש-עקאנאמישער עטיוד.

פון

## לאסאר איגניס.

פערלאג „ביכער-פאר-אלע" ווארשא.

ווארשא, תרס"ה.

**Деръ Вегъ цумъ Эйбигенъ гликъ**

т. е. Путь къ вѣчному счастію.

**Политико-экономическій этюдъ.**

Соч. **Ласара Игниса.**

Изданіе „**Бихеръ-фаръ-але**", Варшава, Долгая 26.

ВАРШАВА,
„Издательская Типографія", Панская 20.
1905.

* *

*

זעהר פֿיעל אומגליקליכע זענען פֿאַרהאַן אויף דער וועלט. און אין די גרעסטע טייל אומגליקען איז שולדיג די אָרימקייט. די אָרימקייט האָט זיך אָבער גענומען פֿון דער אוננאַטירליכער אָרדנונג אין׳ם עקאָנאָמישען לעבען: דאָס וואָס איינער האָט צופֿיעל, און דער אַנדערער האָט גאָר נישט.

דאָס ווייסט יעדער. נישט אַלע ווייסען אָבער, ווי אַזוי איז די געזעלשאַפֿט געקומען צו דיזער אָרדנונג, און ווי מען קען די אָרדנונג ענדערען. פֿיעל מיינען, אַז די צוטהיילונג פֿון דער געזעלשאַפֿט אויף אָרים און רייך איז אַנ׳אייביגע זאַך, אַ נאַטירליכער געזעץ, וועלכען מען מוז ליידען און מען קען עס נישט אַנדערש מאַכען.

דאָס איז אָבער נישט ריכטיג! אָרים און רייך האָט נישט שטענדיג עקזיסטירט, ווי אויך עס האָט נישט שטענדיג געהערשט די זעלבע עקאָנאָמישע אָרדנונג, וועלכע מיר זעהען היינט אין דער געזעלשאַפֿט. די עקאָנאָמישע געזעלשאַפֿט בעשטעהט איצט איבערהויפּט פֿון צוויי יסודות: קאַפּיטאַליסטען און אַרבייטער, וועלכע פֿיהרען אַ שטענדיגען קאַמפּף פֿאַר פּריוואַט־אייגענטום, ד. ה. יעדער וויל זיך ערווערבען מעהר פֿערמעגען אַלס ער האָט. — איז דען פֿון אייביג אָן די געזעלשאַפֿט בעשטאַנען פֿון אַזעלכע צוויי קעמפּפֿענדע עלעמענטען מיט אַזעלכע פֿערהעלטניסע?

ניין! סיי קאַפּיטאַליסטען, סיי אַרבייטער, אַלס בעזונדערע קלאַסען, זענען נישט שטענדיג געוועזען. די אוראַלטע צייט געדענקט נישט קיין מענשען מיט די דאָזיגע טיטלען. יאָ, מענשען האָבען זיך גאַנץ אָפֿט בעשעפֿטיגט מיט מלאכות, (אויך נישט פֿון אייביג אָן) דאָך האָבען זיי קיין אַרבייטער נישט געהייסען אין דעם זין, ווי מיר פֿערשטעהען איצט. אַרבייטער רופֿט מען היינט, געוועהנליך, דעם,

װעלכער שאַפט פּראָדוקטען נישט דירעקט פאַר זיך אַליין, נישט בלויז פאַר זיין איינענעם געברויך, נאָר פאַר לייטען, וועלכע צאָה־לען איהם פאַר דער אַרבייט. פאַר דעם אַרבייטער איז אייגענטליך דער פּראָדוקט, וואָס ער שאַפט, אַ מין סחורה, מיט וועלכע ער האַנדעלט. נאָר האַנדעל און סחורה אין אַלגעמיין האָבען אויך נישט שטענדיג עקזיסטירט, ווייל עס איז נישט שטענדיג געווען דער סדר פון פּריוואַט־אייגענטום, „מיינס" און „דיינס", מיט וועלכע מען זאָל קענען מאַכען האַנדעל.

גאָר אין די ערשטע דורות, ווען די מענשען האָבען געוואָהנט אין די וועלדער און מדבריות, האָבען זיי איבערהויפּט נישט געוואוסט צושאַפען קיינע פּראָדוקטען: זיי האָבען זיך ערנעהרט פון אַלעם גרייטען, וואָס די נאַטור אַליין האָט פאַר זיי פאָרבערייטעט. די מענשען פלעגען וואָהנען צוזאַמען פאַמיליענווייז, גרופּענווייז, און יע־דער מיטגליעד האָט זיך גלייך בעטייליגט אין דער ערנעהרונג: אַלע צוזאַמען פלעגען זיי קלויבען דאָס, וואָס די נאַטור האָט זיי יעדען טאָג צוגעשיקט, און צוזאַמען האָבען זיי דאָס אויך פערברויכט.

צווישען דער גרופּע האָט אויף אַזאַ אופן געהערשט אַ פאָל־שטענדיגער קאָמוניזם (שותפות). אַלס, וואָס די גרופּע האָט ער־וואָרבען, האָט געהערט צו אַלעמען גלייך. קיין פּריוואַט־אייגענטום האָט נאָך דאַן זיך נישט אויסגעבילדעט, מענשען האָבען נישט גע־וואוסט, וואָס עס הייסט „דיינס"—„מיינס". אַז די צאָהל פון די מיט־גליעדער פלעגט ווערען גרויס, פלעגט די גרופּע אויסוועהלען אַניעלס־מען, ער זאָל אויפזעהן, אַז קיינעם זאָל קיין עוולה ניט געשעהן, עס זאָל זיך ווער נישט פוילען צו העלפען די גרופּע אין ערווערבען די נויטיגע ערנעהרונג, עס זאָל וועמען נישט אָבגעריסען ווערען זיין ביסען פון מויל א. ז. וו.

שפּעטער האָבען שוין די מענשען אָנגעהויבען צופערשאַפען זיך פערשיעדענע ווערקצייג און האָבען גענומען פּראָדוצירען (הער־פאָרברינגען) זייער לעבענסמיטעל, אַ חוץ די רויהע פּראָדוקטען, וואָס די נאַטור האָט זיי געשאָנקען. דאַן האָט זיך ביסלעכווייז גענומען אויסבילדען דער בעגריף וועגען פּריוואַט־אייגענטום. ביי'ם פּעריאָד (צייט) פון קאָמוניזם, ווען דער מענש האָט קיין זאַך נישט געשאַפט זעלבסט, נאָר ער האָט געזאַמעלט, וואָס ער האָט נאָר בעקומען פון

דער נאַטור, האָט ער גאָר נישט געקענט האָבּען אַזאַ בּעגריף: עס האָבּען אַלע מיטגלידער פון דער גרופּע גלייך צוזאַמען געזאַמעלט פּערנוטיצען. ווען ס'האָט זאָגאַר אַמאָל איינעם געלונגען אָנצוזאַמזיירע ערנעהרונגס־מיטלען, דאַרפען עס ממילא אויך אַלע צוזאַמען לען פּראָדוקטען מעהר פון זיין הבר, איז איהם גאָר אויפ'ן זינען נישט געקומען דאָס צוהאַלטען פאַר זיך: ס'איז נאָר געווען גערעכענט פאַר אַ גליקליכען צופאַל, וואָס האָט זיך גאַנץ ווייניג געווענדט אָן זיינע פּערזענליכע איינענשאַפטען, מאָרגען קען דאָס זעלבּע פּאַסירען מיט אַ צווייטען הבר, דעריבּער איז דער גליקליכער צופאַל אויך געוואָרען פערערעכענט בּשותפות, פאַר דער גאַנצער גרופּע. ווען דער מענש האָט אָבּער מיט זיין איינענער האַנד גענומען שאַפען פערשידענע פּראָדוקטען, האָט ער אָנגעפאַנגען דענקען, אַז דאָס, וואָס עס ווערט פערשאַפט מיט איינענע מיה, מיט פּערזענליכע פייהיגקייט, מיט איינענע געדולדיגקייט, דאַרף עס נישט געבּרויכען קיין אַנדערער, אויסער דעם, וואָס האָט דעם פּראָדוקט פערשאַפט.

אָט אַזוי האָט זיך ענטוויקעלט דער בּעגריף פון „מיינס" און „דיינס", פון פּריוואַט־איינענטום.

נאָר פון שאַפען פּריוואַט־איינענטום בּיז דאָס מאַכען געשעפטען מיט פּריוואַט־איינענטום האָט נאָך פיעל געדויערט.

די ערשטע ווערקצייג, וואָס דער מענש האָט ערשאַפען, איז געווען ערד־אַרבּייט־געצייג און יאַגד־געצייג, אַלזאָ איז די ערשטע פּראָדוקציאָן בּעשטאַנען פון ערד־אַרבּייט און יאַגד; נאָר די פּראָדוקטען, וואָס ער האָט דורך דעם הערפאָרגעבּראַכט, האָבּען איהם געדיענט דירעקט צו מפרנס זיין זיך און זיין משפּחה, און נישט צו קיין אַנדערע צוועקען. „אינ'ם מיטעלאַלטער און איבּערהויפּט אין די ערשטע דורות—שרייבּט ענגעלס—איז די פּראָדוקציאָן געווען אויסגערעכענט נאָר פאַר'ן פּערזענליכען געבּרויך. די פּראָדוקטען זענען איבּערהויפּט פערנוצט געוואָרען אויף די נויטווענדיגע בּעדערפעניש פון דעם, וואָס האָט זיי געשאַפט, און פאַר זיין הויזגעזונד, ווי אויך אויף צוצאָהלען פערשידענע צינזען (אָבּצאָהלונגען), וואו דאָס איז שוין געווען איינגעפיהרט. דאַן איז נאָך נישט געווען קיין מסחרים, די פּראָדוקטען האָבּען נאָך נישט געהאַט דעם כאַראַקטער פון סחורה. די פריערשטע הויזגעזונד האָט אַליין געשאַפט אַלץ, וואָס זי האָט נאָר נויטיג גע-

האט צו איהר הויז־ווירטשאפט: פערשיעדענע געשיער, קליידונג ווי אויך עסענווארג". דער פויער האט בעארבייט זיין פעלד, וועלכעס האט איהם געגעבען ברויט, פערזייעט זיין שטיקעל גארטען, וועלכער האט איהם געגעבען זיינע גרינס, געפיטערט עטליכע בהמות, פון וועלכע ער האט בעקומען מילך און פלייש, געהאדעוועט עופות, וועלכע האבען איהם געגעבען אייער, געהאלטען שעפסען, וועלכע האבען איהם פערזארגט מיט וואל אויף קליידונג; גלייכצייטיג האט ער געפאנגען חיות, פויגלען און פיש — און די אלע פראדוקטען האט דער פויער אליין מיט זיין פאמיליע אויסגענוצט, נישט מאכענ־דיג מיט זיי קיין קאמבינאציעס. „נאר אין בעזונדערע צופאלען, ווען דעם פויערס פאמיליע האט זיך גראד איינגעגעבען צו הערפארברייג־גען וועלכען ניט איז ארטיקעל מעהר אלס איהר געברויך, צ. ב. ש. ס׳איז געווען זעהר א געראטען יאהר אויפ׳ן פעלד — ווי אויך צו־ליעב אנדערע סבות — האט זי די מותרות פון יענעם ארטיקעל אויס־געביטען אויף אנ׳אנדערען, וועלכער ס׳האט איהר צופעליג געפעהלט, ביי א שכן, וועלכער האט גראד דאס געהאט איבריג און יענץ האט איהם געפעהלט. אויף אזא אופן האבען די ביידע שכנים פערוואנ־דעלט זייערע איבריגע פראדוקטען אין סחורה און געמאכט כלומרשט א מסחר. נאר אזעלכע צופאלען זענען פארגעקומען זעהר זעלטען, און דאס האט נאך נישט געקענט געבען דעם עקאנאמישען לעבען פון יענער צייט א כאראקטער פון סחר־מכר אדער מסחר, און די פראדוקציאן האט נאך נישט בעקומען דעם אויסזעהן פון סחורה". (ענגעלס.)

ווי עס איז, דאן האט זיך אבער אויסגעבילדעט ביי דער גע־זעלשאפט א געוויסע פארשטעלונג וועגען אייגענטום. „מיינס", „אייגענס" האט דער פויער גערופען דאס, וואס ער האט אליין, מיט זיינע אייגענע קרעפטען, מיט זיין אייגענע מיה, ערשאפט. „צואייגענען", ד. ה. מאכען פרעמדע פראדוקטען פאר אייגענע דורך וועלכע ניט איז מיטלען, דאס האט ער נישט געקענט טראכטען.

עס פערשטעהט זיך, אז דער מיטעלאלטערליכער פויער האט נישט געקענט אנגערופען ווערען „ארבייטער", זאגאר אין דעם זין, ווי ס׳ווערט אפט געברויכט אין גאס!

*   *

*

אַנדערש אִיז גְעוואָרען עֶטוואָס מִיט דעם אַרבײַטער און מִיט
דאָס אײַנגעֶנטום פֿוּן דאַן, ווי ס'האָט זִיך אָנגעֶפֿאַנגען צוּ עֶנטוויקּ=
לעֶן די „אַרבײַטס-צוּטײַלונג". ווי גְעזאָגט, האָט, גְעוועֶהנלִיך, אִין
גאָר די אַלטעֶ צײַטען, עֶקזִעסטִירט דעֶר מנהג, אַז דעֶר פּוֹיעֶר האָט
זִיך זעֶלבּסט בּעֶשעֶפּטִיגט מִיט אַלעֶרהאַנד פּראָדוּקציאָנען, וועֶלכֿעֶ עֶר
האָט נויטִיג געֶהאַט צוּ זײַן געֶבּרויך. עֶר אַלײן אִיז געֶוועֶן אַנ'עֶרד=
אַרבּײַטעֶר, אַ יעֶגעֶר, אַ פֿישעֶר, אַ סטאָליעֶר (טִישלעֶר), אַ וועֶבעֶר,
אַ שנײַדעֶר, אַ שוּסטעֶר א. ז. וו. נאָר מִיט דעֶר צײַט האָבּעֶן צוּלִיעֶב
געֶוויסעֶ הִיסטאָרִישעֶ אוּרזאַכֿעֶן אָנגעֶפֿאַנגען זִיך אויסבּילדעֶן פֿעֶרשִיע=
דעֶנעֶ פֿאַכֿלײַט. אָנגעֶהויבּעֶן האָט זִיך דאָס זאָגאַר אִין די שטעֶדט:
בּיסלעֶכֿווײַז, בּיסלעֶכֿווײַז זעֶנעֶן געֶוואָרען מעֶנשעֶן בּעלי־מלאכֿות: ווער
אַ שמִיד, ווער אַ בּלעֶכֿעֶר, ווער אַ בּויעֶר א. ז. וו. די מעֶנשעֶן, וועֶלכֿעֶ
גִיבּעֶן זִיך אִיבּעֶר צוּ אײן מלאכה, פֿעֶרשטעֶהט זִיך, מאַכֿעֶן זײ אִין
אִיהר גרויסעֶ פֿאָרשרִיטעֶן: זײ אִיבּעֶן זִיך אײַן אִין דעֶר אַרבּײַט, בּעֶ=
סעֶרעֶן אויס די וועֶרקצײַג, שאַפֿעֶן נײַעֶ וועֶרקצײַג, פֿעֶרפֿאָלקאָמעֶן זײ=
עֶר פֿאַך, אַזוי, אַז זײ קעֶנעֶן עֶנדלִיך אַרבּײַטעֶן שנעֶלעֶר, בּעֶסעֶר און
שעֶנעֶר. נאָר פֿוּן אײן זײַט פֿעֶרלִיערט דעֶר פֿאַכֿמאַן די מעֶגלִיכֿקײַט
זעֶלבּסט צוּ שאַפֿעֶן די נויטִיגעֶ פּראָדוּקטעֶן, וואָס עֶר מוּז האָבּעֶן צוּ
זײַן געֶבּרויך. צ. בּ. ש.: דעֶר ספּעֶציעֶלעֶר שנײַדעֶר האָט שוין נִישט
געֶהאַט זײַן פֿעֶלד און זײַן גאָרטעֶן און זײַן טשעֶרעֶדעֶ א. ד. ג.
בּרויט, פּרוכֿט, מִילך און פֿלײש, ווי אויך אַנדעֶרעֶ פּראָדוּקטעֶן האָט
עֶר שוין געֶמוזט בּעֶצִיהעֶן פֿוּן אַנדעֶרש־וואו. נאָר פֿוּן דעֶר צווײטעֶר
זײַט, האָט זִיך דעֶר פּויעֶר אַלץ מעֶהר און מעֶהר אִיבּעֶרצײַגט, אַז
דעֶר בּגד, וואָס דעֶר שנײַדעֶר נעֶהט, אִיז פֿיעֶל שטאַרקעֶר, שעֶנעֶר
און בּעֶקוועֶמעֶר פֿוּן דעֶם, וואָס עֶר נעֶהט זעֶלבּסט מִיט זײַנעֶ נִיט
גאַנץ געֶאִיבּטעֶ העֶנד. עֶר אִיבּעֶרצײַגט זִיך אויך, אַז ווען עֶר וואָלט
די צײַט, וואָס עֶר פֿעֶרבּרויכֿט צוּ נעֶהעֶן פֿאַר זִיך אַ טוּלוּפּ, אויסנוּ=
צעֶן אויף אַ וועֶלכֿעֶ נִיט אִיז מעֶהר אײַנפֿאַכֿעֶ אַרבּײַט, צוּ וואָס
זײַן מוּה מִיט זײַנעֶ העֶנד דִיענעֶן מעֶהר, צ. בּ. ש. וואָל שפּינעֶן,
וואָלט עֶר געֶקעֶנט זִיך שאַפֿעֶן אַזוי פֿיעֶל וועֶבּ, פֿאַר וועֶלכֿעֶ עֶר

וואלט געקענט בעקומען ביי'ם שניידער צוויי אדער דריי טולופען. וואס־זשע לאזט זיך דאן אויס? דער פויער מיט דעם שניידער טיילען צווישען זיך זייער ווירטשאפטליכע ארבייט: דער פויער פראדוציערט פאר'ן שניידער פערשידענע שפייזען, דער שניידער ווידער נעהט פאר'ן פויער קליידער. די זעלבע זאך געהט צו אויך מיט אלע אנדערע פאכלייט.

דא פאנגט איצט אן געבוירען צוווערען אזא מין שטאנד, פון וועלכען עס וועט זיך אויסבילדען דער ארבייטער־קלאס, וועלכער וועט זיך ענדליך פערוואנדלען אין פראלעטאריאט און ארויסרופען דעם קאפיטאליסטישען קלאס. נאר, ווי איהר וועט זיך איבערצייגען ווייטער, האט דער פאכמאן צו יענער אלטער צייט נאך נישט געהאט די פולע פיזיאגנאמיע פון א היינטיגען ארבייטער, און דערצו האט ער נאך אויף זיך קיין פרינציפאל נישט געהאט. ווען זאגאר דער פאכמאן האט גענומען צו זיך א לעהר־יונג, האט דאס אויך נישט געהאט דעם כאראקטער, וואס היינט. דער לעהר־יונג פלעגט קיין געלד־לוין נישט בעקומען, נאר גערעכענט זיך ווי א מיטגליעד פון מייסטערס הויזגעזונד, וואו ער פלעגט עסען, טרינקען און שלאפען און בעקומען זיינע אלע בעדערפענישען.

צו דער זעלבער צייט האט זיך אויך אנגעפאנגען אויסבילדען א נייער פאך, וועלכער האט זיך ענדליך פערוואנדעלט אין „האנדעל“. נאר דערווייל, אייגענטליך, האט דאס נאך נישט געהאט דעם זין פון „געשעפט“, ווי מיר פערשטעהען דאס איצט. היינט, ווען א סוחר בריינגט סחורה אויפ'ן מארק, בעקומט ער דערפאר געלד, מיט די געלד טהוט ער, וואס איהם גלוסט זיך — אדער ער קלויבט עס אין קאסע, אדער ער קויפט דערפאר אנדערע סחורה, כדי פון דאס ניי ווייטער צו פערקויפען; דאס ווערט אנגערופען „געשעפט“. דער געשעפטסמאן בעטרייבט זיין האנדעל נישט נאך זיין ווירטשאפטליכען געברויך צו דעם מאמענט. קויפען און פערקויפען איז ביי איהם אנ'אונענדליכער פראצעס. אבער צו יענער אלטער צייט, וועגען וועלכער מיר ריידען דא, איז קיין געלד נישט געווען, דער פויער, אז ער האט געבראכט א מעסטעל קארן אויפ'ן מארק, האט ער דערפאר בעקומען אנ'אנדערען פראדוקט, צ. ב. ש. א שטוהל ביי'ם סטאליער. ער קומט א צווייטען מאל און בריינגט עטליכע צעהנדליג איי־

ער, דאָס נעהמט בײַ איהם צו דער בלעכער, װעלכער גיט איהם דערפאַר אַ פענדעל, אַזױ שאַפּט ער זיך איין זײַן בעל־הבית׳ישקייט, װאָס איז איהם נױטיג צו דער נאָהנסטער צייט — און גענוג — אױס האַנדעל! מעהר װיפיעל ער בעדאַרף צו דער נאָהנסטער צייט שטוה־לען פענדלעך וכדומה, װעט ער זיך נישט איינשאַפען, זיי װעלען בײַ איהם זיך ניט קעלבען אין שפּײַכלער. קענען מיר אױף אַזעלכע אָפּעראַציעס קוקען װי אױף מסחר? ניין, דאָס קענען מיר נאָר אָנ־רופען הלוף־מאַכען (בײַטען) און נישט מעהר.

װאָס איז אָבער געװאָרען מיט׳ן פּרינציפּ פון פּריװאַט־איינגענ־טום?

דאָס האָט שױן געליטען אַ גרױסע רעפאָרמע צו דער צייט, װען ס׳האָט זיך אָנגעהױבען צו ענטװיקלען דאָס געזעלשאַפטליכע אַרבייטס־צוטיילונג. איינענטום האָט אױפגעהערט צו רופען זיך נאָר דאָס, װאָס איך האָב מיט מײַן מיה, מיט מײַן ענערגיע א. ז. װ. הערפאָרגעבראַכט. מען האָט אָנגעהױבען צו „צואייגענ־נען" פרעמדע פּראָדוקטען. װי קען מען דאָס „צואייגענען" אַ פּראָדוקט, װאָס אַ צװייטער האָט איהם געשאַפט מיט זײַן שװייס? — אױף דערױף האָט איהר אַ פּשוט׳ע תשובה: דורכ׳ן בײַט! דער שוס־טער גיט דעם פױער אַ פּאָר שטיװעל, גיט איהם דערפאַר דער פױער אַ שאָק אייער נאָך דער װערדע נאָך. גוט. נאָר דאָס איז דאָך אָבער טאַקי די פראַגע: װי אַזױ, מיט װאָס פאַר אַ מאַשטאַב, האָט דער שוסטער געקענט אָבשאַצען די װערדע פון זײַנע שטיװעל? הײַנט איז דאָס אײַך גרינג צו זאָגען, װײַל דער הלוף געהט פאַר געלד. דער שוסטער װייסט: דאָס מאַטעריאַל האָט איהם געקאָסט צ. ב. ש. 2 רובל, זײַן שׂכר־מלאָכה שאַצט ער אָב 3 רובל (װי אַזױ צו שאַצען די שׂכר־מלאכה דאַרף נאָך אױך ערקלערט װערען, נאָר דערװײַל נעהמען מיר דאָס אָן סתּם), איז בכן קומט איהם פאַר די שטיװעל 5 רובל. װי האָט אָבער דאַן, גאָר פערצייטען, געקענט דער שוסטער שאַצען זײַן פּראָדוקט? װען ער האָט געקױפט די רױהע מאַטעריאַ־לען, האָט ער דערפאַר בעצאָהלט דעם גאַרבער צ. ב. ש. 2 פּאָר פּאַנטאָפעל, הײַנט קומט ער אױפ׳ן מאַרק דאָס אױסבײַטען אױף אייער, װאָס פעהלט איהם אין בעל־הבית׳ישקייט, דערצו װיל ער אױך בעקומען אין בײַט פאַר זײַן אַרבייט און פאַר די אָבניצונג פון זײַנע

נעצייג — ווי אַזוי קען ער בעשטימען, וויפיעל ס׳קומט איהם פאַר דאס אַלעס?

דאס איז גאַנץ איינפאַך. דער שוסטער מוז בעקומען פאַר זיין פאָר שטיוועל אין אַנדערע פּראָדוקטען אַזאַ מאָס און אַזוי פיעל, אַז ווען ער זאָל דאָס וועלען דערנאָך אויסבייטען ביסליכווייז, זאָל ער קענען אומקעהרען פאַר זיך די הוצאות, וואָס ער האָט אויסגעבראַכט אויף צושאַפען די שטיוועל — ד. ה. דעם רויהען מאַטעריאַל, ס׳מיינט מען די הוצאות פון די פעל, פון די אָבגעניצטע ווערקציינג און די קאָסטען פון דער אַרבייטס־קראַפט, ענערגיע.

„וואָס הייסט דאָס אַזעלכעס קאָסטען פון אַרבייטס־קראַפט?“— פרעגט קאַרל מאַרקס.

דאָס איז די קאָסטען פון די פּראָדוקטען, וואָס דער בעל־מלאכה האָט געדאַרפט פערנוצען פאַר זיך און פאַר זיין הויזגעזונד (וועלכע ווערט נאַטורליך פערעכענט אַלס אַ טייל פון איהם אַליין) כדי ער זאָל האָבען די מעגליכקייט צו אַרבייטען איבער דעם געגענשטאַנד, וואָס ער האָט ערשאַפען. מיר וועלען זיך פאָרשטעלען, אַז דער שוסטער האָט געאַרבייט אויף די שטיוועל 12 שעה: כדי צו האָבען כח אויף 12 שעה־אַרבייט, מוז ער האָבען אַזוי פיעל ברויט, אַזוי פיעל פלייש און אַזוי פיעל מילך, ער מוז האָבען אַ דירה, אַ ווערק־שטאַדט א. ז. וו. דאָס אַלעס קעהרט איהם דער פויער אום אין עטליכע פּראָדוקטען אָדער אין איין פּראָדוקט, נאָר אין אַזאַ מאָס, אַז ווען דער שוסטער זאָל עס וועלען אויסבייטען אויפ׳ן מאַרק ביסלעכווייז, קען ער צוריק בעקומען אַלע יענע שפייזען, וואָס האָט איהם געקאָסט די אַרבייט. דאָס האָט געהייסען בייטען ווערדע אויף ווערדע, שוויים אויף שוויים — און נאָך דער לעצטער געזעלשאַפטליכער מיינונג צו יענער צייט האָט דאָס אויך געמוזט הייסען איינענס, איינגענטום.

* *

*

הגם פון דער צייט, וואָס ס׳האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען די געזעלשאַפטליכע אַרבייט־צוטיילונג, האָבען פערשידענע פּראָדוקטען בעקומען אויף זיך צוויי בעלי־בתים — דער, וואָס האָט דעם

פּראָדוקט העֶרפּאָרגעֶבּראַכט (דעֶר פּראָדוצעֶנט) און דעֶר, וואָס האָט
אִיהם פֿעֶרבּרױכט — דאָך האָבּעֶן דִי אִינטעֶרעֶסעֶן פֿון פֿעֶרבּרױכעֶר, ווִי
אױך דִי אִינטעֶרעֶסעֶן פֿון פּראָדוצעֶנט, נִיט געֶמוּזט לײַדעֶן, ווײַל
בּײדעֶ צדדים האָבּעֶן בּלױז אױסגעֶבּיטעֶן זײעֶרעֶ פּראָדוקטעֶן, וואָס
אײנעֶם האָט געֶפֿעֶלט און דעֶר צווײטעֶר האָט עֶס געֶהאַט איבּריג,
און בּײַ דעֶם חלוף האָט אײנעֶר נִישט פֿאַרדינט און דעֶר צווײטעֶר
נִישט צוגעֶלעֶגט. דאָס האָט זיך אָבּעֶר אַזױ געֶצױגעֶן נאָר
בּיז וואַנעֶן, אַז דעֶר פּראָדוצירעֶר און דעֶר פֿעֶרבּרױכעֶר זעֶ-
נעֶן געֶשטאַנעֶן אין אַ דירעֶקטעֶן פֿעֶרקעֶהר, ד. ה. כּל־זמן
צווישעֶן זײ בּײדעֶ איז נִישט געֶשטאַנעֶן קײן פֿעֶרמיטלעֶר, וועֶל-
כעֶר זאָל אױך וועֶלעֶן אָבּלעֶקעֶן אַ בּײנדעֶל פֿון די אָפּעֶראַציעֶס צווי-
שעֶן די בּײדעֶ פּעֶרזאָנעֶן. נאָר דאָס האָט לאַנג אַזױ נִישט געֶהאַל-
טעֶן. צוליבּ פֿעֶרשידעֶנעֶ סבּות, ווי אַ ווײַטעֶ וועֶג למשל א. ד. ג.,
האָט זיך געֶפֿינעֶן אַ מעֶקלעֶרעֶל, אַ קאַראַבּײניקעֶל, אַ קרעֶמעֶרעֶל,
וועֶלכעֶ האָבּעֶן אױף זיך געֶנומעֶן די מיה צו קױפֿעֶן בּײַ דעֶם
אַרבּײטעֶר זײנעֶ פּראָדוקטעֶן און פֿעֶרקױפֿעֶן עֶס דעֶם געֶבּרױכעֶר.
מיט אַנדעֶרעֶ ווערטעֶר: עֶר האָט געֶנומעֶן האַנדלעֶן. מסתמא, דאַרפֿט
איהר פֿעֶרשטעֶהן, עֶר האָט דאָס נִישט געֶטהון פֿון מצוה וועֶגעֶן, —
עֶר האָט דעֶם אַרבּײטעֶר, למשל, דעֶם טאָקעֶר — פֿאַר זײַן לעֶפֿעֶל
אומגעֶקעֶהרט דאָס ווערט פֿון די רױהעֶ מאַטעֶריאַל און די עֶרנעֶה-
רונג פֿון זײַן אַרבּײטס־קראַפֿט, וועֶלכעֶ עֶר האָט געֶמוּזט אױסבּרײנ-
געֶן, כּדי צו העֶרפֿאָרבּרײנגעֶן די לעֶפֿעֶל. נאָר, אַז דעֶר קרעֶמעֶר
האָט געֶבּראַכט די לעֶפֿעֶל צום קונה, האָט עֶר שױן אױפֿגעֶמאָנט
פֿאַר זײַן אײגעֶנעֶר מיה אױך. אױף אַזאַ אופֿן האָט שױן דעֶר פֿעֶר-
בּרױכעֶר געֶמוּזט אױסבּרײנגעֶן אױף דעֶר לעֶפֿעֶל מעֶהר, וויפֿיעֶל עֶס
בּעֶטרעֶפֿט איהר אַרבּײטס־ווערדעֶ און פּראָדוקטעֶן. ס'האָט זאָגאַר געֶ-
קעֶנט טרעֶפֿעֶן, אַז דעֶר קרעֶמעֶר זאָל בּעֶקומעֶן אױף די לעֶפֿעֶל
רֶיוַח מעֶהר נאָך, אַלס מעֶן האָט געֶקעֶנט אָבּשאַצעֶן די מיה און
די עֶנעֶרגיעֶ, וועֶלכעֶ עֶר האָט אױסגעֶנוצט, אום דאָס צו צושטעֶלעֶן
דעֶם קונה: ס'האָט געֶטראָפֿעֶן, אַז עֶר, דעֶר קרעֶמעֶר, האָט געֶ-
קױפֿט אַ וועֶלכעֶן עֶס איז פּראָדוקט, למשל, שטיוועֶל בּײַ אַ שוס-
טעֶר אין אַזאַ אָרט אָדעֶר אין אַזאַ צײַט, וואָס דאָס לעֶבּעֶנס־מיטעֶל
קאָסט וואָלוועֶל; דאַן האָט דעֶר קרעֶמעֶר בּעֶצאָהלט פֿאַר דעֶם שוס-

טערס אַרבייטס־קראַפֿט (פֿאַר די ערנעהרונג פֿון דער אַרבייטס־קראַפֿט) אויך נאָך דער ווערדע פֿון יענעם אָרט. אַז ער האָט דאָס אָבער געבראַכט אין אַנ׳אָרט, וואו דאָס לעבענס־מיטעל קאָסט טייער, דאַן האָט ער בעקומען פֿאַר דעם שוסטערס אַרבייטס־קראַפֿט נאָך דעם שיעור, ווי ס׳ווערט דאָרט גערעכענט די ווערדע, ד. ה. מעהר, וויפֿיעל ער האָט דעם שוסטער בעצאָהלט אויפֿ׳ן אָרט.

דאָס, וואָס דער קרעמער האָט זיך ערלויבט צו בענוצען מיט׳ן ריוח, וואָס ער האָט בעקומען מעהר, וויפֿיעל ער האָט אויסגעבראַכט אויף דעם קויפֿען און צושטעלען דעם פּראָדוקט צום קונה (איך רייד שוין ניט פֿון גראָבע נאַרערייען), איז אייגענטליך געווען ניט אַזוי רעיעל נאָכ׳ן עלעמענטאַרען זין פֿון פּריוואַט־אייגענטום, וועלכע זאָגט אונז, אַז צואייגענען קען מען נאָר אויסבייטענדיג ווערדע אויף ווערדע, מיה אויף מיה — נאָר — אויף דערויף איז דאָך דאָס געוואָרען געשעפֿט, האַנדעל!

דער געשעפֿט האָט זיך ענטוויקעלט מעהר און מעהר, פֿערשפּרייט און פֿערברייטערט מיט ריעזיגע טריט, פֿון דאַן, ווי ס׳האָט זיך אויפֿ׳ן מאַרק אָנגעפֿאַנגען בעווייזען געלד. איך בין אייך דאָ נישט אויסען צו דערצעהלען די גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט דער האַנדעל און דאָס געברויך פֿון געלד, איך וועל אייך נאָר אויפֿמערקזאַם מאַכען, אַז כל־זמן אויפֿ׳ן מאַרק האָט געהערשט דער ערשטער סדר פֿון הלוף, ד. ה. בייטען פּראָדוקטען אויף פּראָדוקטען, האָט דאָס געשטערט דער ברייטער ענטוויקלונג פֿון האַנדעל. דאָס האָט פֿערשאַפֿט זעהר פֿיעל אונבעקוועמליכקייט אין קויפֿען און פֿערקויפֿען צוליעב פֿיעל סבות: ערשטענס — האָט דער קרעמער געדאַרפֿט זיך שלעפּען מיט די פּראָדוקטען, וואָס ער האָט געקראָגען אין בייט, אַרומגעהן אַרום זיי און פֿערהיטען, זיי זאָלען נישט קאַליע ווערען; צווייטענס — נישט צו אַלערצייט קען ער אַלערהאַנד פּראָדוקטען פֿון דאָס ניי אויסבייטען אויף סחורה. ער האָט צ. ב. ש. אַ מעסטעל קאָרן געקראָגען אין בייט פֿון אַ פּויער. ער וויל איצט דערפֿאַר קויפֿען ביי׳ם סטאָליער אַ שטוהל, צו פֿערקויפֿען זיינעם אַ קונד — נאָר דער סטאָליער דאַרף איצט גראַדע פּומער אָדער אייער, ווייל קאָרן האָט ער גראַדע גענוג. דריטענס — האָט דער קרעמער נישט געהאַט וואָס צו טהון מיט׳ן ריוח, וואָס

איז מעהר, ווי זיין אַלטעגליכער געברויך, ווען דער ריוח בע־שטעהט פון פראָדוקטען. פראָדוקטען איז ניט צוקלייבען אין קאַסע.

ווי נאָר עס האָט זיך געפונען געלד אויפ'ן מאַרק, איז לע־בעדיגער געוואָרען דער מסחר. די פערמיטלער אין האַנדעל צווי־שען דעם פראָדוציערער און געברויכער האָבען זיך געמעהרט. ביס־לעכווייז האָט זיך דאָ אויך אויסגעבילדעט אַ סדר פון געזעלשאַפט־ליכער „אַרבייטס־צוטיילונג”, ווי אין הויז־ווירטשאַפטליכע אַרבייט, די געשעפטס־לייט איז געווען בעקוועמער זיך צוצובעשעפטיגען יעדער מיט איין סאָרט אַרטיקלען צו צושטעלען עס צו'ם מאַרק. איך ברויך אייך ניט צו דערצעהלען, ווי אַזוי דאָס איז געוואָרען, נאָר ענדליך האָט דער פערמיטלער פון אַ וועלכען ס'איז אַרטיקעל געפונען פאַר נייטיג צו האָבען אונטערן האַנד אַ בעשטענדיגע אָרגאַניזאַציע אַר־בייטער פון איין אָדער צוויי פאַכען, וועלכע האָבען איהם געזאָלט שטענדיג פערפערטיגען אַ געוויסע סומע אַרטיקלען, וואָס ער פלעגט צושטעלען צו'ם מאַרק. — דאָס, פערשטעהט זיך, איז איהם געווען בעקוועמער, ווי געהן יעדעס מאָל זוכען צו קויפען די פראָדוקטען, וואָס ער האָט בעדאַרפט צו'ם האַנדעל.

אָט אַזוי האָט זיך עס שטופענווייז אויסגעבילדעט געשעפט, האַנדעל, אָרגאַניזאַטאָרען, בעטרייבערס פון פראָדוקציאָן, וועלכע האָ־בען צולעצט געשאַפט קאַפּיטאַל און זיך פערוואַנדעלט אין קאַפּי־טאַליסטען, ווי נאָר ביי די געשעפטס־לייט האָט זיך אָנגעקליבען זעהר גרויסע סומעס געלד פון די רְוָחִים, וועלכע זענען זיי איבערגעבלי־בען פון זייער פערזענליכען, טעגליכען געברויך.

אמת, ניט אַזוי גיך טהוט זיך עס, ווי עס רעדט זיך, די ענטוויקלונג האָט געדויערט זעהר פיעל יאָהרען, איהר האָבען מיט־געהאָלפען פיעל גליקליכע געשעהענישען אין דער געשיכטע, ווי דאָס ענטדעקונג פון אַמעריקא, דאָס געפינען אַ וועג קיין אינדיען א. ז. וו. וואָס האָבען פערפלייצט איירָאָפּא מיט אוצרות געלד און גלייכצייטיג גענומען פאָדערן פון דאַנען פראָדוקטען; נאָר די אויפגאַבע פון מיין קליין ביכעל איז ניט דאָס נאָכצופאָרשען. ווי ס'איז, האָט זיך שוין געפונען אַ גאַנצער קלאַס אַרבייטער און אַ קלאַס פון אַר־בייט־געבער, בעלי־בתים, אָדער, ווי מען רופט עס היינט, בור־זשועס. מאַכען געשעפט מיט יענעמס פערהאָרעוועטען שווייס איז

פֿיעל גרינגער און אנגענעהמער, ווי אליין צו הארעווען, דעריבער האבען זיך געמעהרט אזעלכע האנדעלס-לייט און בעטרייבער. אויף יעדער מין איז געווען שוין נישט איין פֿערקויפֿער, נאר הונדערטער.

דאס לעצטע האט ארויסגערופֿען א קאמפף אויפ'ן מארק צווישען די האנדעלס-לייט. יעדער האט זיך געסטארעט ארויסצושטויסען דעם צווייטען. זיי האבען אנגעפֿאנגען קאנקורירען איינער מיט'ן צווייטען, ווארפֿען די מקחים. ביי דעם קויפֿער האט מען שוין ניט געקענט נעהמען דעם פרייז וואס פֿריהער: דעם ארבייטס פרייז און מיה-לוין. פֿריהער, אז דער בורזשוא האט געקענט בעשטעלען ארבייט אין אנ' ארט, וואו דאס ארבייטס-פרייז קאסט וואלוועל און פֿערקויפֿט, וואו ס'קאסט טייערער, איז דאס געווען כלו-רינה — נאכדעם אבער, ווי ס'האט זיך אנגעהויבען די קאנקורענץ, האט ער שוין דעם ריוח ביסלעכווייז געמוזט לאזען ביי'ם קונה.— היוצא לנו מדברינו — אז דער פֿערקויפֿער איז געווען געצוואונגען צו פֿערקויפֿען זיין סחורה פֿאר א מינימום (דאס קלענסטע). אבער, אז ער זאל ניט פֿערדינען, טא צו וואס דארף ער דעם גאנצען עסק? סתם האנדלען, טהון טובות לייטען? דאס לוינט דעם בורזשוא נישט, דערויף האט איהם דער האנדעל צופֿיעל ענטוויקעלט. ער האט זיך מיישב געווען בעסער, ער וועט אראבדריקען דעם ארבייטס-פרייז ביז'ן מינימום, ביז דער לעצטער מדרגה און נאך נידעריגער, וואס וועלוועלער ער וועט מוזען פֿערקויפֿען די סחורה, וועט ער אליך וועלוועלער בעצאהלען דעם ארבייטער פֿאר זיין מלאכה. אט דאס, וואס ער רייסט אב ביי'ם ארבייטער, דאס וועט זיין ממילא זיין ריוח. נאר דער ארבייטער האט פֿריהער, געוועהנליך, בעקומען נאר אומגעקעהרט די הוצאות פֿון דער ארבייטס-קראפֿט (אויסער די רויהע מאטעריאלען), איצט אבער, אז מען האט איהם אנגעפֿאנגען צאהלען ווינציגער, הייסט דאס: אדער ער האט געמוזט דערלייגען זיין מיה צו די פראדוקטען, וואס ער האט ערשאפֿט, כדי דער בורזשוא זאל עס פֿערנוצען, זאל האבען ריוח, אדער — וואס האט זיך ווירקליך געפראקטיקירט — אויף וויפֿיעל מען צאהלט איהם אליך ווינציגער, מוז ער אליך אבשפארען פֿון זיין ארבייטס-קראפֿטס-ערנעהרונג.

ווי אזוי האט דער בורזשוא געקענט צווינגען דעם ארבייטער ער זאל איהם פֿערקויפֿען זיין ארבייט פֿאר וועלוועלער, אלס די ריכ=

טיִגע ווערט איִז? דאָס ערקלערט זיִך מיִט דער קאָנקורענץ פֿון דער צווייִטער זײַט — דער קאָנקורענץ, וואָס שטאַרקט זיִך שטענדיִג איִן די רײַהען פֿון דיִ אַרבּיִיטער. דער בּורזשואַ האָט זיִך שטענדיִג געסטאַרעט, צו ענטוויִקלען דיִ אַרבּיִיטס-צוטיִילונג, ד. ה. דיִ סאַמע פֿערפּלאָנטעטע אַרבּיִיט צו מאַכען איִינפֿאַכער, צוטיִילען זיִ אויִף חלקים. און בּײַ יעדען חלק צו זעצען אַ בּעזונדערען ווערקשטאַט. למשל. גאָר אַ פֿערצײַטיִגער שוסטער האָט אַלייִן געמוזט צורעכט מאַכען די פֿעל, זיִך אָנגרייִטען פֿאָדעם, מאַכען אַ מעסער, טשוועקלעך א. ז. וו. דער בּורזשואַ, ד. ה. דער בּורזשואַזיִשער קלאַס, האָט דאָס אַלעס, שטופּענווײַז, פֿאַראַנ'אַנדער געטיִילט אויִף חלקים: אויִף אַ טשוועקעל-ווערקשטאַט, אַ פֿאָדעם-ווערקשטאַט א. ד. ג. דאָס האָט גורם געווען, ערשטענס, אַז דיִ אַרבּיִיט זאָל ווערען גריִנגער, כּדי מעהר מענשען זאָלען זיִך זיִ קענען אויִסלערנען: צ. בּ. ש. ווערען שוסטערס, און דערצו, אַז דיִ אַרבּיִיט זאָל ווערען שנעלער פֿאַרטיִג, ווײַל וואָס דיִ אַרבּיִיט איִז איִינפֿאַכער, טהוט זיִ זיִך שנעלער, וועלכעס יעדער קען מערקען איִן אַלטעגליִכען לעבּען. ווען 20 מענשען זאָלען אַרבּיִיטען איִן אַ בּעקערײַ, נאָר זיִי זאָלען צוויִשען זיִך צוטיִילען דיִ אַרבּיִיט: איִיניִגע זאָלען קנעטען דיִ טייִג, איִיניִגע זאָלען אויִסמאַכען, איִיניִגע זאָלען וועלגערען, איִיניִגע זאָלען זעצען איִן אויוועןִ, — וועלען זיִי איִן אַ טאָג מעהר אויִסאַרבּיִיטען, אַלס ווען יעדער פֿון זיִי זאָלען זיִך פֿערנעהמען מיִט אַלע אַרבּיִיטען צוזאַמען. ממילא קומט אויִס, אַז בּײַ צוטיִילטער אַרבּיִיט קען יעדער אַרבּײַטער אויִפֿטהון מעהר איִן אַ טאָג, וויִ ניִשט בּײַ צוטיִילטע. און דער בּורזשואַ, וואָס דאַרף צו יעדען טאָג אַ געוויִסע סומע פּראָדוקטען, קען זיִך בּעגניִיגען מיִט אַ קלענערען צאָהל אַרבּיִיטער, אַלס ער האָט געבּרויִכט בּײַ ניִשט צוטיִילטע אַרבּיִיט. אַז דער בּורזשואַ פֿערקלענערט דעם צאָהל אַרבּיִיטער, זאָ בּלײַבּען פֿיִעל אויִסען, און*)

*) אַלס בּיישפּיעל: אַמאָל פֿלעגט אַ שפּילקע-מאַכער מוזען אַליין טהון די פֿאָלגענדע פּראָצעסען: אויסציהען די דראָט; אויסגלייכען צום שניידען, צו-קלייבּען דערצו קעפּעלעך, אַרויפֿזעצען די קעפּעלעך, פֿערשאַרפֿען די שפּיצען א. ז. וו. דאַן פֿלעגען צעהן אַרבּייטער, פֿערנעהמענדיג זיך יעדער מיט די אַלע פּראָצעסען, נאָר אויסאַרבּייטען 12,000 שפּילקעס טעגליך; אָבער אין 18-טען יאַהר הונדערט איז אין די שפּילקע-פֿאַבּריקען צוטיילט געוואָהרען די אַרבּייט:

זיי, פֿערשטעהט זיך, קאָנקורירען מיט די, וועלכע בלייבען ביי דעם ווערקשטאַט.

וואָס מעהר עס ווערט צוגליעדערט די אַרבייט אויף חלקים — שרייבט מאַרקס — גיט דאָס אַליך מעהר מעגליכקייט איין אַרבייטער צו פֿערפֿערטיגען די אַרבייט פֿאַר פֿינף, פֿופֿצעהן, צוואַנציג אַרבייטער, און אַלזאָ ווערט די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער גרעסער אויף 5, 10, 15 מאָל. די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער בעשטעהט ניט נאָר אין דעם, וואָס איינער פֿערקויפֿט זיין מיה וועלוועלער פֿאַר'ן צווייטען, נאָר אויך אין דעם הינזיכט, וואָס איין אַרבייטער טהוט אויף פֿאַר 5, 10, 15 מאַן, און דער קאַפּיטאַליזם, איינפֿיהרענדיג און פֿערשטאַרקענדיג דאָס צוגליעדערונג פֿון דער אַרבייט אויף חלקים, צווינגט די אַרבייטער צו קאָנקורירען צווישען זיך אין ביידע אופֿנים.

ווייטער, וואָס מעהר עס ענטוויקעלט זיך די אַרבייטס-צוטיילונג, ווערט די אַרבייט איינפֿאַכער. די פּערזענליכע פֿעהיגקייטען פֿון אַרבייטער שפּיעלען דאַן ביי דער אַרבייט אַ גאַנץ קליינע ראָל. דער אַרבייטער פֿערוואַנדעלט זיך אין אַ אינסטרומענט, אַ ווערקצייג. זיין אַרבייט ערלערענט זיך יעדער מיט גאַנץ קליינער מיה. „פֿאָלגענדליך קומט אויס, אַז די קאָנקורענץ צווישען די אַרבייטער שטייגט, און דער אַרבייטס-פּרייז פֿאַלט און פֿאַלט“. דאָס זעלבע קומט פֿאָר אויך, נאָר אין אַ גרעסערען מאַסשטאַב, דורך די ערפֿינדונגען פֿון פֿערשידענע מאַשינען. דאָרט, וואו די מאַשינען ווערען איינגעפֿיהרט אין אַ וועלכער ס'איז מלאכה, וועלכע פֿלעגט פֿריהער געשאַפֿט ווערען מיט דער האַנד, דאָרטען ווערען פּלוצלינג הונדערטער מענשען אַרויסגעוואָרפֿען פֿון די ווערקשטאַטען — וואָרום דאַמפֿף, גאַז אָדער עלעקטריע פֿערבייט זיי*) און זיי, די אַרבייטער, בלייבען אָהן

אייגער-האָט געצויגען די דראָט, דער צווייטער האָט צושניטען א, ז. וו. דאַן האָבען 10 אַרבייטער אויסגעאַרבייט טעגליך 48,000 שטיק, ד. ה. פֿיער מאָל מעהר, ווי פֿריהער. (אַדאַם סמיט).

*) מיט אייניגע און צוואַנציג יאָהר צוריק האָבען שוין די דאַמפֿף-מאַשינען אין דער גאַנצער וועלט געאַרבייט פֿאַר טויזענד מיליאָן מאַן. (קאַרל קאַוטסקי).

ברוֹיט. און דאָרט, וואו די מאַשינען פּראָגרעסירען, דאָרטען פּאָדערט זיך צו דער מאַשין מענשען אין אַ קליינעם צאָהל, מיט אַ גאַנץ קליינעם ספּעציאַליטעט, אַזוי אַז ס'קאָנען אַרבייטען וועַר ס'וויל נאָר, זאָגאַר פרויען און קינדער — די און נאָך פיעל אַנדערע סבּות ברייני־גען וויעדער צו דאָס זעלבּע: אַרבּייטער זענען שטענדיג פאַרהאַן איבּער דער מאָס, דערפון שטייגט די קאָנקורענץ. ממילא פאַלט די לוין פון דער אַרבּייט. פערשטעהט זיך, דער בּורזשואַ נוצט אויס די קאָנקורענץ פאַר זיין טובה וועגען, דריקט דעם אַרבּייטער צו אַרבּייטען פאַר איהם פאַר אַ קלייניגקייט, און דאָס, וואָס ער רייסט אָב פון אַרבּייטער, אָט דאָס געהט אַריין אין השבּון פון זיין רֶוַח, ס'ווערט כלומרשט זיינס, אייגענס.

נאָר אַזאַ אַרט „צואייגענען” דאָס איז געגען אַלע פּרינציפּיעלע פאָרשטעלונגען וועגען אייגענטום. צוליעב דעם, וואָס דער בּורזשואַ האָט די מעגליכקייט צו צווינגען דעם אַרבּייטער, ער זאָל איהם אָבגעבּען אַרבּייטס־קראַפט מעהר, וויפיעל עס בּעטרעפט פּראָפּאָר־ציאָנעל די לוין, דאָס איז נאָך ווינציג, אום צו געבּען איהם די רעכט אַזוי צו טהון. די ווערדע פון אַרבּייטס־קראַפט, ווי מיר האָבּען אויפגעוויזען, איז אַ נאָרמאַלע: זי מוז זיין פערגליכען צו די הוצאות, וואָס ווערען אויסגעבּראַכט אויף איהר. ווען דער בּורזשואַ בּעצאָהלט ווינציגער דערפון, צוליעב דעם, וואָס ער איז צו דער צייט דער מוחזק, דער יַחסָן אויף'ן אַרבּייטער־מאַרק, איז דאָס נאָר פאַר איהם אַ גליקליכער צופאַל צו קענען בּעַ'נזל'ען דעם נעדריקטען אַרבּייטער. די גזלה בּילדעט אויס אין אַ געוויסער צייט בּיי דעם בּורזשואַ קאַפּיטאַל!

* *

*

פון דער צייט, ווי דער ריוח פון בּורזשואַ האָט אָנגעפאַנגען איבּערהויפּט צו גרינדען זיך אויף דער עקספּלאָאַטאַציע פון דעם אַרבּיי־טער־קלאַס, האָבּען אָנגעהויבּען די פערהעלטעניסע פונ'ם אַרבּייטער און דעם בּורזשואַ צו זיין אַלץ מעהר שאַרפער און מעהר פער־בּיסענער. דער אַרבּייטער קען בּשום אופן נישט מוחל זיין דעם בּורזשואַ די אַוועקגערויבּטע אַרבּייטס־קראַפט און קעמפט אייַנצוהאַל־

טען די נאָרמאַלע אַרבייטס-לוין. אָבער די אינטערעסען פֿונ'ם בורזשואַ, ווי מיר האָבען געזעהן, בעשטעהען דורכאויס אין געגענטייל— אַראָב-צו-דריקען די נאָרמאַלע אַרבייטס-לוין וואָס מעהר, כדי ער זאָל קענען ביישטעהן דער קאָנקורענץ אויפ'ן מאַרק. אין דעם אַנטיגאָניזם (ווידער-שפרוך) פֿון אַרבייטער מיט'ן בורזשואַ, פֿערשטעהט זיך, איז מנצח דער לעצטער. ווי זאָגט מען: דער וואָס האָט די מטבע, יענער האָט די דעה. דער בערויבטער קאַפּיטאַל גיט דעם בורזשואַ די קראַפֿט צו בעזיעגען יענעמען, ווער ס'האָט מיט זיין שווייס און מיה איהם, דעם קאַפּיטאַל, בעשאַפֿען.

דער בורזשואַ האָט די מעגליכקייט צו פֿערברייטערען און אַלץ מעהר אויסבעסערען די מאַשינען; די אַרבייטס-צוטיילונג געהט פֿאָרווערטס. דער אַרבייטער שאַפֿט דאַן פּראָדוקטען מעהר, וויפֿיעל ער בעקומט געצאָהלט, זאָגאַר ווען מען צאָהלט איהם שוין גוט. די געשאַפֿטע פּראָדוקטען, וואָס מעהר פֿאַר די שכירות, געהערען אייגענטליך צו איהם, נאָר דאָס נעהמט צו דער בורזשואַ אין חשבון פֿון „מעהר-ווערט", ווי די עקאָנאָמיסטען רופֿען דאָס, ווען ניט, זאָגט ער, לוינט איהם ניט דער עסק. די מעהר-ווערט קאַפּיטאַליזירט זיך ווייטער, שאַפֿט פֿון דאָס נייע מאַשינען, מאַכט פּשוט'ער די טעהניקע פֿון יעדער מלאכה, און דאָס פֿערגרעסערט ממילא, ווי מיר האָבען געזעהן אויבען, די קאָנקורענץ פֿון די אַרבייטער. דער אַרבייטער האָרעוועט פֿאַר אַ האַלבען פּרייז דריי מאָל אַזוי פֿיעל, וויפֿיעל עס איז מעגליך נאָך די מענשליכע קרעפֿטען, נאָך דעם מענשענס נאַטור און קען זיך קיינמאָל נישט דערהאָרעווען צו לעבען ווי אַ מענש. די מאַשינען רייסען אַרויס פֿון בעל-מלאכה'ס הענד זיינע ווערקצייג. דער זעלבסטשטענדיגער בעל-מלאכה, בעטרייבענדיג אַליין אָדער מיט איניגע העלפֿער זיין קליינעם ווערקשטאַט, קען נישט קאָנקוריערען געגען דעם גרויסען קאַפּיטאַליסטישען אופֿן פֿון פּראָדוקציאָן, געגען דער מאַשין, וועלכע אַרבייט גיכער פֿון איהם, שענער און וועלוועלער. דער גרויסער קאַפּיטאַליסטישער אופֿן פֿון פּראָדוקציאָן אין דער לאַנד-ווירטשאַפֿט פֿערטרייבט זעהר אָפֿט דעם פּויער פֿון זיין ערד און פֿעלד. דער רייכער גוטבעזיצער האָט די מעגליכקייט צו בענוצען זיך מיט די נייעסטע ערפֿינדונגען אין ערד-אַרבייט, מיט די קינסטליכע מיסטיגונג, מיט אַקער-מאַשינען א.

ז. וו. ער קען מעהר און װעלװעלער אויסאַרבייטען, אַלס דער פויער מיט זיין הויזגעזונד, װעלכע בענוצען זיך נאָך מיט די אַלטע מיט־לען. די מותרות תבואה אָדער גרינס, װאָס בלייבט דעם פויער איבער פון זיין געברויך און ער פערקויפט אין מאַרק נאָכ'ן פרייז, װאָס דער גוטבעזיצער שטעלט, קלעקט איהם שוין ניט אויף צופערשאַפען זיך די נויטיגע לעבענסמיטעל, און דער פויער מוז ענדליך אַװעק־לאָזען זיין ערד, װי דער בעל־מלאכה זיין װ ע ר ק ש ט אַ ט, און פערדינ־גען זיך אויף אַרבייט ביי'ם פריץ אָדער, װי עס פאַסירט איבער־הויפט, אין דער פאַבריק. דאָס זעהט איהר איצט כמעט איבעראַל. דאָרטען, אין פאַבריק, הערט דער בעל־מלאכה אויף צו זיין אַ בעל־הבית אויף זיין אייגענע פערהאָרעװעטע פראָדוקטען, דער בורזשואַ קויפט ביי איהם נישט נאָר זיינע אויסגעאַרבייטע געגענשטענדען, נאָר אויך זיינע הענד, זיין קערפער אויף אַזוי פיעל צייט אינטאָג — און ענדליך בילדעט זיך אויס דער קלאַס אַרבייטער, װאָס מען רופט איהם היינט פראָלעטאַריאַט, ד. ה. פרייע אַרבייטער אויפ'ן בליק, נאָר, אין דער װירקליכקייט, פערקויפטע קנעכט, אָהן אייגענטום, אָהן אַ בעל־הבית'ישקייט, אָהן אַ װערקשטאַט, אָהן געצייג, אָהן אַ אייגענעם קערפער, אָהן לייב־און־לעבען.

דער בורזשואַ װאַקסט אַליץ העכער, אויפ'ן חשבון פון פראָ־לעטאַריער, ער הויבט אויף זיינע בעדערפעניסען, זיינע מותרות, זיין לוקסוס ביז דער העכסטער מדרגה, און דער פראָלעטאַריער זינקט אַליץ נידעריגער און נידעריגער, דריקט אַראָב זיינע נויטװענדיגקייטען ביז דער לעצטער מַדרֵגָה, ער מוז זיך מיט זיין הויזגעזונד ערנעה־רען מיט דאָס ערגסטע, קען זיך ניט פערגינען אַלײדיגע צייט זיך אָבצורוהען, בלייבט שטענדיג אומװיסענד, קען ניט ערציהען זיינע קינדער, װי געהעריג איז, — מוז האָרעװען װאָס מעהר און געברויכען װאָס װיניציגער, װאָהנען אויף די רעגאַטקעס, אין הינטערשטע געס־לעך, אין נאַסע, פינסטערע קעלערן, אין שמוץ און קויט, װאו ער בעקומט רעװמאַטיזם, טראַהאָמע, שװינדזוכט, װאו ער ליידט קעלט װינטער און שטיקענדע היץ — זומער, װאו עס יאָגען איהם פערשיעדענע עפּידעמיעס, פּאָקען, טיפוסען און האָליערעס, װעלכע זענען דַוקא פערליעבט אין די שמוציגע קעלערס.

ס'איז געקומען דערצו, אַז דער אַרבייטער אַליין, קוים האָט

איהם נאָך גאָט געבענשט מיט אַ שטיקעל הויזגעזינד, קען איהם שוין בשום אופן ניט קלעקען זיין פערדיענסט, וויפיעל ער זאָל ניט האָרעווען. ער מוז שוין שיקען צו דער אַרבייט זיינע ניט דערוואָקסענע קינדער און זאָגאַר זיין פרוי. וויפיעל טויזענדער קינדער 6 אָדער 7 יאָהריגע געפינט איהר, וואָס אַרבייטען אַ גאַנצען טאָג ביי קנעפּלעך, ביי שוועבעלעך א. ד. ג.? און דוקא קינדער, וואָס האָבען עלטערען, וואָס זייער פאָטער אַרבייט אויך 18 שעה אין מעת־לעת און די מוטער געהט אַרום מיט אַ קויש פערדיענען!

איהר וועט אַזוי מוהל זיין אייַנקוקען אין די סטאַטיסטיק פון אָדעסער אָרימקייט אַליין, וועט איהר געפינען גענוג משלים דערצו!...

און נאָכדעם אַלעמען, וואָס אַלע מיטגליעדער פון הויזגעזונד „פערדיענען" שוין, איז דאַן ערשט שרעקליך אַריינצוקוקען אין דעם פינסטערען קעלער, וואו ס'וואָהנען די משפּחה פערדיענערס.

דער קאַפּיטאַליזם האָט געבראַכט דערצו, אַז ס'זאָל צושטערט ווערען דאָס פאַמיליען־לעבען ביי'ם אַרבייטער. די אמת'ע פאָרם פון פאַמיליען־לעבען — שרייבט קאַרל קויטסקי — ווערט חרוב ומוחרב דורך דעם קאַפּיטאַליזם. אין דער אַלטער צייט איז געוועזן קנעכט־האַרען, וואָס פלעגען אָבריַיסען די פרויען פון זייערע מאַנען און די ניט־דערוואַקסענע קינדער פון זייערע עלטערען, ווי נאָר זיי פלעגען ווערען האָטש עטוואָס פעהיג צו אַרבייטען. די קאַפּיטאַליסטען זענען אַוועק נאָך ווייטער אין די אַכזריות פון קנעכטשאַפט: זיי רייסען אָב פון די עלטערען זייערע זויגענדיגע קינדער, צווינגענדיג, אַז די מוטערס זאָלען איבערגעבען זייערע עופ'עלעך פרעמדע מענשען אויף השגחה און אַליין געהן אין די פאַבריק העלפען פערדיענען זייערע מאַנען דאָס פערשאָלטענע טעגליכע לעבענסמיטעל. דאָס פאַסירט טעגליך מיט טויזענדער קינדער. וועגען זיי זאָרגען זיך כלומרשט „וואָלטהעטיגע אַנשטאַלטען" (צדקה הברות), וועלכע בעדאַרפען גריננער מאַכען די מוטערס דאָס צושיידען זיך מיט זייערע קינדער...

די הויזליכע ווירטשאַפט פונ'ם אַרבייטער ווערט צורואינירט, ווען די פרוי מוז גאַנצע טעג זיין פערנומען ביי פרעמדע אַרבייט, העלפען דעם מאַן פערדיענען געלד, מ'שטיינס געזאָגט... די קינדער זענען ניט צוגעזעהן, אפילו דאָס טעפּעל באָרשטש קען ניט זיין פאַרטיג פאַר די אונגליקליכע פערהאָרעוועטע „פערדיענערס", ווען זיי

קומען בײַנאַכט אַ היים, הונגעריגע אָנגעמאַטערטע, זומער — פֿערשוויצ־טע, ווינטער — פֿערפֿרוירענע, נאָך 12—14 שעה אַרבײַט. יעדער פֿון זיי איז אין כּעס און ווייסט ניט אויף וועמען; ס'איז דאָס האַרץ פֿער־ביטערט פֿון צרות און מען גיעסט דאָס אויס איינער אויפ'ן צוויי־טען, הייבט זיך אָן אין הויז מַחלוקת, קללות, חרמות, ס'קומען פֿאָר ביטערע סצענעס, וועלכע ענדיגען זיך ניט זעלטען מיט'ן טאַ־טענס אַ קלאַפּ, מיט די מאַמעס טרעהרען, מיט די קינדערשע שרעק און געוויינען!...

און ניט נאָר אויף דער קערפּערליכער זײַט פֿון לעבען ווירקט זעהר שרעקליך דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג פֿון פּראָדוקציאָן, נאָר זאָגאַר אויף דער גייסטליכער זײַט — שוין ניט ריידען וועגען דעם, וואָס דער אַרבייטער מוז בלײַבען אונוויסענד, זײַנע קינדער — אונ־ערצויגען, אַלס בײַשפּיעל קענט איהר נעהמען די פּראָסטיטוציאָן...

„דאָס אַרײַנטרעטען פֿון פֿרויען אין די רייהען פֿון אַרבייטער ברייגגט מיט זיך, אַז די פּראָסטיטוציאָן זאָל וואַקסען אונגעהויער"— שרײַבט קאַרל קויטסקי — אין דײַטשלאַנד עקזעסטירען גאַנצע פֿאַ־כען פֿון פּראָדוקציאָן, וועלכע מאַכען גלענצענדע געשעפֿטען, וואו ס'אַרבייטען פֿרויען און בעקומען אַזעלכע קליינע שׂכירות, אַז ווען זיי זאָלען זיך נישט אָבגעבען צו פּראָסטיטוציאָן ווי אַ נעבען־פֿאַך, וואָלטען זיי איינפֿאַך שטאַרבען פֿון הונגער. און זייערע פּרינצי־פּאַלען טענ'ען, אַז נאָר צוליעב די קליינע שׂכירות, וואָס זיי צאָה־לען די אַרבייטערינס, בליהען זייערע געשעפֿטען, זאָנסט וואָלטען זיי ניט געקענט געגענשטעהן די קאָנקורענץ.

„די פּראָסטיטוציאָן איז אַלזאָ איצט נישט נאָר אַ בלויזע תּאוה פֿאַר נאַשערס אָדער לײדיג־געהערס. ס'זענען געצוואונגען עקאָנאָ־מיש גאַנץ אָרענטליכע קינדער צו פֿערקויפֿען זייער עהרע, זאָגאַר אַרבייטערינס, כּדי צו דערהאַלטען די נשמה. פּראָסטיטוציאָן איז איצט נישט קיין נאַשערײַ, נאָר ס'איז געוואָרען אַנ'אַבטייל, אַ צווײַג פֿון איצטיגען האַנדעל".

דאַרף איך אײַך נאָך ערקלערען, אַז גנבות, גזלות, שכּרות פֿאַר צרות, א. ד. ג. מאוסע מעשׂים נעהמען זיך איבערהויפּט פֿון דער הײַנטיגער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, וואָס איינער האָט גאָר

און דער צווייטער גאָרנישט, אָדער וואָס איינעם ווילט זיך האָ־
בען גאָר און דער צווייטער זאָל גאָרנישט האָבען?!

*   *

*

אויסער דעם אַלעם, וואָס מיר האָבען איבען אויסגערעכענט,
ברייננט דער אָנגעראַבעוועטער קאַפּיטאַל נאָך אַ מגפה אויף דער
וועלט. איהר ווייסט געוויס דעם טעם פון אַ קריזיס. ווייסט איהר
אָבער פון וואַנען דער קריזיס נעהמט זיך דאָס רוב?

„יעדער געזעלשאַפט, וועלכע איז געגרינדעט אין עקאָנאָמי־
שען הינזיכט איבערהויפּט אויף האַנדעל־בעטריעב, האָט אין זיך די
אייגענשאַפט, וואָס די בעטרייבער פערליערען די מעגליכקייט צו לייִ־
טען (פיהרען) די געזעלשאַפטליכע פערהעלטניסען, וועלכע זיי אַ־
ליין פערשאַפען. אין אַזאַ געזעלשאַפט איז זיך יעדער בעטרייבער,
ווי מען זאָגט, אַ בעל־הבית פאַר זיך, מיט זיין האַנדעל, מיט זיינע
פּראָדוקציאָנס־מיטלען און מיט זיין געבּרויך אין געשעפט. קיינער פון
זיי ווייסט ניט פאָראויס פונקטליך, וואָס פאַר אַ צאָהל פּראָדוקטען
פון דעם מין, וואָס ער בעטרייבט, וועט אָנקומען אויפ'ן מאַרק און
אין וואָס פאַר אַ מענגע וועלען זיי אויסגענוצט ווערען, קיינער פון
זיי ווייסט ניט פאָראויס, צי וועט גאָר בכלל דער מאַרק זיך נויִ־
טיגען אין זיינע פּראָדוקטען, ווען ער וועט זיי דאַן צושטעלען, צי
וועט ער זיי דאַן קענען פערקויפען און צי וועט ער ביים פער־
קויפען אומקעהרען די הוצאות? מיט איין וואָרט, עס הערשט אין
דעם הינזיכט אַ פאָלשטענדיגע אַנאַרכיע (אונאָרדנונג)" (ענגעלס).

זאָל זיך דער בעטרייבער בעגרענעצען הערפאָרברייננען וואָס
ווינציגער פּראָדוקטען פון דעם מין, וואָס ער פּראָדוציערט?—

דאָס איז אָבער אונמעגליך — און ווייטער צוליעב דער קאָנקו־
רענץ פון די בעטרייבערס. ווי מיר האָבען שוין איבען געזעהן, מוז
דער האַנדעלסמאַן, דער בעטרייבער פון וועלכען עס איז עסק, צו־
ליעב דער קאָנקורענץ אַלץ מעהר און מעהר פערקלענערען די פּריי־
זען פון זיינע פּראָדוקטען. נאָר כדי צו האָבען דערצו די מעגליכ־
קייט, מוז ער זיך סטאַרען, אַז די הוצאות, וואָס ער לעגט אויף
זיין בעטריעב, זאָלען איהם קאָסטען וואָס העלזוועלער. נאָר די וואָל־

וועלקייט האָט דאָך אַ שיעור. ס׳קומט דאָך אָבער פּאָרט ענדליך צו אַזאַ מדרגה, וואָס וועלוועלער קען שוין ניט זיין. נעהמט, למשל, אַ וועבער־פאַבריקאַנט: ווי ער זאָל דעם אַרבייטער ניט עקספּלאָאַטירען, מוז מען דאָך איהם צאָהלען מעהר אָדער ווייניגער. דערצו קאָסט די ווערקצייג אָדער די מאַשינען, ס׳קאָסט אַ דירה פאַר דער פאַבריק, ס׳קאָסט בעלייכטונג, בעהייצונג א. ז. וו. (איך רייד שוין ניט פון די ווירטשאַפטליכע הוצאות) — ווי מאַכט מען דאָך, אַז אַפילו דאָס מינימום פון די אַלע קאָסטען זאָל דאָך געמינערט ווערען אויף יעדען איינציגען פּראָדוקט בעזונדער? צו דעם האָט דער פאַבריקאַנט איין מיטעל—פאַר די זעלביגע הוצאות בעטרייבען וועב ווי מעגליך אין אַ גרעסערען מאַסשטאַב. דאַן קומט שוין ממילא אויס פּראָפּאָרציאָנעל יעדער איינצעל וועלוועלער. ווען ס׳קאָסט אַנ׳ערך די בעטרייבונג פון זיין פאַבריק אַרום און אַרום 100 רובל טעגליך, און די פאַבריק אַרבייט אויס 10,000 אַרשין וועב אַ טאָג, זאָ קאָסט איהם יעדער אַרשין וועב $^{100}/_{10000}$—1 קאָפּ.; וועט אָבער זיין פאַבריק קענען אויסאַרבייטען 20,000 אַרשין וועב ביי די זעלבע הוצאות און ביי דער זעלבער צייט, דאַן קאָסט איהם יעדער אַרשין $^{100}/_{20000}$=$^{1}/_{2}$ קאָפּ.

כּדי די פאַבריק זאָל מעהר בעטרייבען, צווינגט דער פאַבריקאַנט דעם אַרבייטער, ער זאָל מעהר אַרבייטען, פערגרעסערען זיין „מעהר־ווערט“, ער פערפאָלקאָמיערט די מאַשינען, פיהרט איין אין פאַבריק נייע מאַשינען, וואָס פאַבריציערען גיכער, פערבייט האַנד־אַרבייט אויף פּאַרע, פּאַרע אויף גאַז, גאַז אויף עלעקטריע א. ז. וו.—די מאַשינען אַרבייטען אָהן אַנ׳אויפהער, עס קאָכען די קעסלען, עס דרעהען זיך די רעדער, די טרייבען, זיי יאָגען — ס׳ווערט אָנגעוואָרפען אַ לאַגער מיט סחורה, וואָס וואַקסט פון מינוט. מען מוז עס פערקויפען, נאָר דער מאַרק האָט זיך אייגענטליך פריהער בענוגענט מיט אַ קלענערען צאָהל סחורות, און דאָ בעטרייבט דער פאַבריקאַנט אָהן אַ שיעור, ס׳יאָגען איהם די מאַשינען, וואָס ווערען טאָג־טעגליך ערפינדען, די קאָנקורענץ לאָזט איהם ניט אָבשטעלען זיך אויף אַ רגע, ער וויל אַלעמען אַריבער יאָגען, ווי אַנ׳אויסגעפּאָהרענער פערד, און יעדע זעקונדע קוקט ער זיך צו פון הינטען, זעהט ער, אַז די מענגע קאָנקורענטען, וואָס יאָגען איהם נאָך, וואַקסט פון מי־

נוט, ס'קומען אַלץ צו נײַע און נײַע בעטריַיבערס — ער זוכט נײַע מערק, נײַע האַנדעלס־פּונקטען, נײַע געגענדען, וואו מען זאָל קענען אויסברייַנגען די גרויסע מאַסען סחורה, וועלכע ליגען אין די לאַגערס פון די בעטריַיבער.

אָבער נײַע מערק, נײַע האַנדעלס־פּונקטען, בילדען זיך ניט אַזוי גיך אויס, ווי נײַע מאַשינען; נײַע פאַבריקען, נײַע מעכאַניזמען ווערען ערפונדען כמעט אַלע טאָג. די טעכניק, קען מען זאָגען, שטעהט ניט אַ רגע אויף איין אָרט, אויף איין בעשטאַנד, אָבער נײַע אַמעריקעס, נײַע אינדיעס, נײַע אויסטראַליעס — דאָס געפינען זיך אפשר איין מאָל אין הונדערטער יאָהרען. — אויף אַזאַ אופן קומט אַרויס אַנ'איבער־פלוס אין דער פּראָדוקציאָן („איבער־פּראָדוקציאָן”). ס'איז דאָ מעהר סחורה נאָכ'ן געברויך — און דאָס ברייַנגט צו אַ קריזיס.

אין אמת'ן — שרייַבט ענגעלס — אָנהייבענדיג פון 1825 יאָהר, ווען עס האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אויסגעבראָכען דער אַלגעמיינער קריזיס, פון דאַן אָן כמעט אַלע 10 יאָהר שטויסט זיך אַראָב פון וועג דער גאַנצער צוג פון עקאָנאָמישען לעבען, דער גאַנצער בעטריעבס־און האַנדעלס־צוג אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. דער מסחר שטעלט זיך אָב, אַלע מערק ווערען פול איבער פול, די פּראָדוקטען זאַמלען זיך צונויף אין אונגעהויערע מאַסען און געפינען פאַר זיך ניט קיין אויסגאַנג, קיין קויפערס. מזומן־געלד ווערט נעלם, און ס'ווערט אונמעגליך צו בעקומען קרעדיט, די פאַבריקען האַקען איבער זייער עקזיסטענץ און די אַרבייטער פעהלט די סאַמע נויטיגע בעדערפענישען, ס'קומט פאַר איין באַנקראָט נאָכ'ן צווייטען, איין אַאוקציאָן (אויספערקויף) נאָכ'ן אַנדערען. די אַלגעמיינע האַנדעלס־אָבשטעלונג געדויערט יאָהרען, אַרבייטס־קרעפטען געהען צום שטראַנד אומזיסט און אומנישט, פּראָדוקטען ווערען כליה (איבערגעפיהרט) אָהן קיינע נוץ, ביז די אָנגעזאַמעלטע מאַסען סחורה, פערליהרענדיג איהר ווערט, וועט נישט אָנהייבען אויסגעבראַכט צו ווערען, און דער בעטריעב, די עסקים וועלען איבעראַנייעס נישט אַריין אין זייער געוואהנליכע קאָלייע (שטייגער). דער בעטריב הויבט אָן אין אָנפאַנג צו ריהרען זיך פאָרווערטס שפּרייַזען ווייז, דער נאָך וואַנדעלט זיך דער שפּרייַז־גאַנג אום אין אַ גאַלאָפּ און ענדליך לאָזט

זיך דאָס האַנדעל פֿון דאָס נײַ אַוועק אין אַ מוֹראָ'דיגען געלאַף. עס הויבט זיך אָן ווי פֿריהער אַ ווירקליך געפֿעהרליכע שפּרינגעניש אין דעם האַנדעלס־זין און אין די בעציהונגען פֿון קרעדיט און פֿער־שידענע ספּעקולאַציעס. און נאָך פֿיעל קאָפּשווינדעלדיגע שפּרינ־געניש פֿערענדיגט זיך דאָס אַלעס פֿון דאָס נײַ מיט אַ קאַטאַסטראָפֿע (אונגליק), מיט אַ פֿאַל אין תהום אַריין, אַז יעדער ברעכט האַלז און נאַקען... אַלזאָ קומט אויס, אַז דער קריזיס נעהמט זיך איבער־הויפּט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער אינדוסטרי (וואַרע־בעטריב) אָרדע־נונג. איין בעטרייבער, איין קאַפּיטאַליסט קאָנקורירט מיט'ן צוויי־טען, זאָ מוזען די אַרבייטס־קרעפֿטען און די מאַשינעס אויך קאָנ־קורירען איינער מיט'ן צווייטען. יעדערער סטאַרעט זיך אַלץ מעהר פּראָדוצירען, זיי פֿערפּלייצען דעם מאַרק מיט פּראָדוקטען ביז זיי ווערען אַליין אין דעם מבול דערטרונקען.

* *

*

דער קריזיס ברעכט זיך אויס איבער דער עקאָנאָמישער וועלט ווי אַ שרעקליכער שטורעם ווינד מיט דונערען מיט בליצען, מיט פֿערפּלייצונגען, ס'ווערען אויסגעריסען איינגעפֿונדעוועטע בנינים, צעהנ־דליג־יאָהריגע אַנשטאַלטען, פֿאַבריקען, ס'ווערען צושמעטערט פֿיעל טויזענדער פֿאַמיליעס. — נאָר דער שרעקליכער שטורם־ווינד רייניגט אָבער ניט אויס די אַטמאָספֿערע (לופֿט) אין דער עקאָנאָמישער וועלט. פֿאַרקעהרט, ער מאַכט נאָך דעם אָטהעם אַלץ שווערער, פּונקט ווי ער וואָלט שטיינער אויפֿ'ן ברוסט אָנלייגען. די לאַגע פֿון אַרביי־טער קלאַס, וואָס איז פֿריהער אויך געווס שווער געוועזען, ווערט נאָכ'ן קריזיס אונערטרעגליך. די קאָנקורענץ צווישען זיי, כדי ווי ס'איז ביי דער שלעכטער צייט צו פֿערדינען אַ שטיקעל ברויט, ווערט שטאַרקער, ווייל זייער אַרמעע ווערט גרעסער: הונדערטער בעטרייבער, בורזשועס וואָס דער קריזיס האָט פֿון זייערע הענד אַרויס־געריסען זייערע עסקים, ווערען איצט אַליין מגולגל אין פּראָלעטאַ־ריער און זוכען אַרבייט, דאָס זעהט עפּעס אויס, ווי אַמין נקמה פֿון דער השגחה העליונה: די פּרינציפּאַלען, וועלכע פֿלעגען ביז אַהער פֿון זייערע פֿיעל־שטאָקיגע מויערען רעגירען און עקספּלאָאַטירען די

קעלער־אַרמעע, ווערען איצט מיט'ן שטורם־ווינד זעלבסט אַרונטער געשליידערט אין די קעלערען, צו ראַנגלען און רייסען זיך מיט די דאָרטיגע בעזיצער איבער אַ גראָשען פערדיענסט. ווי איהר זעהט איז דער קריזיס אַנ'אומגליק פאַר דעם גרעסטען טייל פון דער געזעלשאַפט, סיי פאַר דער אַרבייטער קלאַס, און סיי פאַר דער בורזשואַ־קלאַס, און דאָך איז ער אָבער אַ גליק פאַר יענע איניגע איינגעפונדעוועטע קאַפּיטאַליסטען, וועלכע לעבען איהם, דעם קריזיס, אַריבער בשלום: דער מאַרק ווערט פרייער, קאָנקורענטען ווערען ווינציגער, קען מען הויבען די פרייזען, פּראָלעטאַריער ווערען מעהר, קען מען וואַרפען די שכירות און אָט אַזוי הייבט זיך שוין אָן דער קאַפּיטאַל אַריבערגעהן פון מעהרערע הענד צו וויניגערע, וועלכע, פערשטעהט זיך, סטאַרען זיך איהם צו פערהאַלטען, ער זאָל שוין נישט אַרויסשווימען צוריק לְעוֹלָם וָעֶד..

ענדליך הייבען אָן די קאַפּיטאַליסטען צו שטרייטען קעגען קריזיס, און ס'ווייזט זיך גאָר נישט אַזוי שווער; ווי באַלד מיר ווייסען שוין די סבות, וואָס ברייִנגען דעם קריזיס, איז שוין גרינג צו געפינען מיטלען, די סבות צו בעזייטיגען. — די הויפּט סבה פון די קריזיסען, ווי מיר האָבען געזעהען, איז דאָס, וואָס ס'איז ניטאָ קיין פערבאַנד צווישען די סוחרים, וואָס איינער ווייסט נישט פון צווייטען, וואָס זיי מוזען איינער מיט'ן צווייטען קאָנקוריערען, און וואָס צווישען דעם סוחרים־קלאַס, אין אַלגעמיין מיט דעם מאַרק איז ווייטער נישטאָ קיין פערבאַנד, איז בכן מוז מען פערניכטען אָט די אונגליקליכע אַנאַרכיע. די קאַפּיטאַליסטען מוזען זיך אָרגאַניזירען, איינער מיט'ן צווייטען מוזען זיין פערבונדען אין בעטריב. דאַן וועט מען קענען וויסען, וויפיעל דער מאַרק פאָדערט פּראָדוקטען און וויפיעל זיי דאַרפען פּראָדוציערען, כדי ס'זאָל נישט בלייבען קיין שׂריִם, און נישט קומען צו קיין איבערפּראָדוקציאָן.

צוליעב דעם טַעַם און אֶפשר אויך צוליעב אַנדערע טְעָמים האָבען זיך אָנגעפאַנגען אויסצובילדען קאָמפּאַניעס פון פערשיעדענע אינדוסטרי־צווייגען (בעטרייבונגען, עסקים). אָנשטאָט וואָס יעדער פון דער קאָמפּאַניע זאָל בעטרייבען פאַר זיך וואָסערען ס'איז עסק, פעראייניגען זיי זיך צוזאַמען און אַרבייטען בשותפות. וויניגסטענס, ווערען זיי פריי פון דער קאָנקורענץ, וואָס זיי אַליין וואָלטען פער־

שאַעֶפֿן צווישעֶן זיך, ווען זיי וואָלטען בעֶטרייבעֶן זייערע געֶשעֶפֿטעֶן יעֶדעֶרעֶר בעֶזונדעֶר. ס'פֿעֶרשטעֶהט זיך, אַז אַזאַ אָרגאַניזאַציע איז נאָך זעֶהר שוועֶר צו בעֶזייטיגעֶן אין גאַנצעֶן די קאָנקורעֶנץ אין דעֶר אַנאַרכיע, וואָס די קאָנקורעֶנץ ברייננגט אַריין אין די האַנדעֶלס־בעֶציהונגעֶן, ווייל די קאָמפּאַניע מוז דאָך סוף כל סוף קאָנקוריערעֶן מיט אַנדערעֶ אַרבייטעֶר, וועֶלכעֶ שטעֶהעֶן אויסעֶר דעֶר אָרגאַניזאַציע.

אין די שפּעֶטעֶריגעֶ יאָהרעֶן האָבעֶן זיך דעֶרום אָנגעֶפֿאַנגעֶן צו עֶנטוויקלעֶן אַנ'אַנדעֶר אַרט אָרגאַניזאַציע אין פֿעֶרבאַנד צווישעֶן די קאַפּיטאַליסטעֶן:

גרויסעֶ, זעֶהר פֿעֶרמעֶגליכעֶ קאַפּיטאַליסטעֶן פֿון אַ לאַנד פֿעֶר־אייניגעֶן זיך צוזאַמעֶן אין איין געֶזעֶלשאַפֿט צו בעֶטרייבעֶן אַ וועֶלכעֶן ניט איז אַרטיקעֶל פֿאַר דעֶם געֶבּרויך פֿון זייעֶר לאַנד: דאָס אַר־טיקעֶל געֶהט איבעֶר צו זיי אין מאָנאָפּאָל, ווייל די קלעֶנעֶרעֶ קאַ־פּיטאַליסטעֶן זעֶנעֶן נישט אין שטאַנד, געֶוועֶהנליך, מיט זיי צו קאָנ־קוריערעֶן. אַזאַ געֶזעֶלשאַפֿט רופֿט מעֶן „טרעֶסט". דעֶר טרעֶסט אַל־זאָ, זייהעֶנדיג פֿריי פֿון קאָנקורעֶנץ, קעֶן שוין יאָ נאָהעֶנטליך בעֶ־שטימעֶן דעֶם געֶבּרויך פֿון מאַרק אויף זיין אַרטיקעֶל, און העֶרט אויף צו פּראָדוציערעֶן איבעֶריגעֶ. דעֶר טרעֶסט האָט אויך די מעֶג־ליכקייט צו שטעֶלעֶן אויף זיינעֶ פּראָדוקטעֶן אַזאַ פּרייז, ווי איהם קומט אויס בעֶקוועֶמעֶר, און קיינעֶ אויסעֶרליכעֶ צושטאַנדעֶן פֿון מאַרק קעֶנעֶן אויף איהם קיין ווירקונג נישט האָבּעֶן, אין אַלעֶ פֿאַלעֶן, קיין גרויסעֶ ווירקונג — געֶוויס נישט. די טרעֶסטעֶן קעֶנעֶן זאָגאַר אַ־ריינגעֶהמעֶן אין זייעֶר אָרגאַניזאַציע אַפֿילו קלעֶנעֶרעֶ קאַפּיטאַליסטעֶן: דעֶר טרעֶסט לאָזט אַרויס אַקציעֶס, וועֶלכעֶ גיעֶבעֶן גוטעֶ רְוָחים, און די רוהים ווערעֶן אַלץ גרעֶסעֶר און זיכעֶרעֶר, וואָס מעֶהר דעֶר טרעֶסט פֿונדעֶוועֶט זיך איין. יעֶדעֶן קאַפּיטאַליסט איז אויף אַזאַ אויפֿ'ן בעֶקוועֶמעֶר צו נעֶהמעֶן אַנ'אַנטייל אין דעֶר אונטעֶרנעֶהמונג פֿון טרעֶסט, זייעֶנדיג פֿעֶרזיכעֶרט מיט זיין איינטראָג און בעֶוואָרעֶנט פֿון דעֶם שווידעֶרהאַפֿטעֶן קריזיס.

אַזאַ מין פּראָצעֶס האָט פּאַסיערט אין יאָהר 1890 אין דעֶם פֿאַך פֿון עֶנגלישעֶ לויג־אינדוסטריע, וועֶלכעֶ צו איצטיגעֶר צייט, נאָכ־דעֶם ווי ס'האָבעֶן זיך פֿעֶראייניגט 48 פֿאַבּריקעֶן פֿון דעֶם זעֶלבעֶן מין — איז דעֶר בעֶטריעב דעֶרפֿון אַריינגעֶקומעֶן אין די העֶנד פֿון איין געֶ־

זעלשאַפֿט, וועלכע פֿערמאָגט איצט אַ קאַפּיטאַל פֿון 120 מיליאָן מאַרק. די טרעסטען ווערען איינגעפֿיהרט אין אַמעריקאַ ביי צוקער, פֿיי אייזענבאַהנען און פֿערשידענע אינדוסטריעלע צווייגען; דאָס גלייכען — אין דייטשלאַנד, אין פֿראַנקרייך א. ז. וו. (ענגעלס).

ווי געזאָגט, דערשטיקען די מאָנאָפּאָל־טרעסטען די פֿרייע קאָנקורענץ אין דעם אינדוסטרי־פֿאַך, וועלכע זיי בעאַרבייטען. דער ניט סיסטעמאַטישער בעטריעב ווערט פֿערביטען אויף אַ בעטריעב, וועלכער ווערט געפֿיהרט פּלאַן־מעסיג, מיט אַ געוויסע אָרגאַניזאַציע — און ווען די סיסטעם וועט איינגעפֿיהרט ווערען ביי אַלע אַרטיקלען, וואָס ווערען צוגעשטעלט אין מאַרק דורך פֿערשידענע אונטערנעהמער, בעטרייבער, דאַן איז די קאַפּיטאַליסטישע וועלט מעהר אָדער ווינציגער בעוואָרענט פֿון די קריזיסען, וועלכע פּלעגען זיי פֿון צייט צו צייט גוט צוטרייסלען די ביינער.

נאָר צי ווערט דערפֿון בעסער די לאַגע פֿון פּראָלעטאַריאַט, פֿון די אַרבייטער־קלאַסען? נישט אויף אַ האָר! די קאָנקורענץ אין די פֿאַבריקען צווישען די אַרבייטער ווערט אַלץ גרעסער. ווען ביי דעם געוועהנליכען סדר פֿלעגט דער פֿאַבריקאַנט זיך סטאַרען צו פּראָדוצירען וואָס מעהר, האָט ער גאַנץ אָפֿט זיך געסטאַרעט צו האָבען מעהר אַרבייטער, כדי צו פֿערדינען די „מעהר־ווערט“; ביי דער טרעסטען־אָרדנונג אָבער, אַז דער טרעסט ווייסט שוין גענוי, וויפֿיעל דער מאַרק ברויכט, סטאַרעט ער זיך צו פּראָדוצירען וואָס ווינציגער, כדי עס זאָל איהם ניט בלייבען קיין איבעריגע; דאַן פֿערליערען פֿיעל אַרבייטער זייערע שטעלעס און בלייבען אָהן חיונה.*)

די אָרימע בעפֿעלקערונג פֿון לאַנד מעהרען זיך; ווען ס'האָט פֿריהער געקענט זיין מעגליך, אַז אַ פּריוואַטע אונטערנעהמונג זאָל אַ

*) „אין די פֿעראייניגטע שטאַטען אין אַמעריקאַ האָט דער אייזענבאַהן־טרעסט פֿערקלענערט זיין פּערסאָנאַל אַרבייטער און אויסגעגלייכט עס מיט דער ווירקליכער נויטיגקייט פֿון באַהן, אויף וויפֿיעל עס פֿאָדערט די פֿאָהרט פֿון דער בעפֿעלקערונג; אָבער די טרעסט־לייט האָבען זיך גאָר ניט בעקימערט, אַז צוליעב דעם זיינען געבליעבען אָהן אַרביים טויזענדער מענשען, וואָס זיינען פֿריהער געווען ביי דעם בעטריעב; דאָס זעלבע כמעט איז פֿאָרגעקומען אין פּרייסען ביי די גריבער פֿון שטיינקאָהלען" (ערוואַרד וואַליאַן).

אונקאַפּיטאַליסטישען נאָר אַ בּעגאַבּטען אונטערנעהמער בּעגליקען צוּ קאָנקורירען אויפ'ן מאַרק מיט זיינע חברים און זיך דערשלאָגען זיין הוֹנה, איז דאָס אוּנמעגליך געוואָרען, דאָרט וואוּ ס'זענען איינגעפיהרט אָדער וואוּ ס'וועלען איינגעפיהרט ווערען די טרעסטען. דאָ ווערט שוין פערוואירקליכט דאָס שפּריכוואָרט: בּיי נגידים ווערען געבּוירען נגידים'לעך, בּיי אֶבִיוֹנִים — אֶבְיוֹנִים'לעך. דער טרעסט פערזיכערט דעם קאַפּיטאַליסט מיט אייביגע רייכקייט און דעם אָרימאַן מיט אייביגע אָרימקייט, — די זעלבּע זאַך, ווען בּיי דעם אַלטען סדר פלעגט קענען טרעפען, אַז אַנ'אַרבּייטער זאָל קענען איבּערגעהן פון איין פאַבּריק אין דער צווייטער פון דעם זעלבּען מין אינדוסטריע, וואוּ מען לעגט איהם פאָר בּעסערע קאָנדיציעס — איז עס בּיי דעם נייעם סדר פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג אוּנמעגליך. ס'איז ניט דאָ פאַר איהם, וואוּ אַוועקצוגעהן, ווען די אַלע פאַבּריקען פון איין פאַך פעראייניגען זיך צוזאַמען. דער אַרבּייטער ווערט פון יענעם מאָמענט אָן אַנ'אייביגער קנעכט בּיי אַנ'אייביגען האַר אויפ'ן גאַנצען לעבּען.

ס'פערשטעהט זיך, אַז דער טרעסט, וועלכער בּעשטעהט פון גאָלדנייציגע קאַפּיטאַליסטען, וועט נישט קוקען דעם אַרבּייטער אין די ציינער און איהם שוינען, ווען ער קען זיך בּענוצען מיט זיינע פּריווילעגיעס. אַזוי ווי דער טרעסט האָט די מעגליכקייט צוּ בּעשטימען די פּרייזען פון זיין אַרטיקעל פאַר'ן מאַרק, אַזוי קען ער בּעשטימען די פּרייזען פון דער אַרבּייט פאַר'ן אַרבּייטער — וּמִי יֹאמַר לוֹ מַה תַּעֲשֶׂה? — ווער וועט איהם זאָגען אַ קְרוּם וואָרט, אַז ער האָט די געלד און האַלט די לייצעס?!

דער טרעסטמאַן אין די מערב־אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנער לענדער פיהרט פאַר דער נאָז די געזעלשאַפט, דעם פּראָלעטאַריאַט, זאָגאַר די רעגירונג, וועלכע מוז צוּ איהם אָנקומען און העלפט דעריבּער איהם שטענדיג אין זיינע אינטערעסען.

* *

*

כָּל זְמַן ס'האָט אויפ'ן מאַרק געהערשט אַ קאָנקורענץ, האָט דער בּורזשואַ געהאַט וואָס צוּ טהוּן בּיי זיין בּעטריעבּ: האָטש ער האָט

ניט גענומען קיין דירעקטען אנטייל אין דעם הערפארברייננגען פון די פראדוקטען, האט ער אבער געמוזט גענוג מאטערען דעם מוח צו בעקלערען שטענדיג נייע מיטלען, ווי צופיהרען דעם קאמפף מיט די איבעריגע בעטרייבער. ווי נאר ס'ווערט אבער איינגעפיהרט די טרעסטען־סיסטעם אין האנדעל און בעטריעב, דאן בלייבט דער קאפיטאליסט, ווי מען זאגט, אהן א שטאך מלאכה. די ·פאבריק צ. ב. ש. געהט זיך פארווערטס, ביי יעדער פונקציע (ארבייט) איז דא געדונגענע מענשען, ס'איז דא בוכהאלטערס, קאזנאטשייען, אויפ־זעהערס אויף די ארבייטער א. ז. וו. די פערזענליכע פעהיגקייטען פון טרעסטמאן קענען שוין קיין גרויסע ראל דא נישט שפיעלען. די טרעסטלייט, די אקציאנערען, וועלכע בעשטעהען אויס א פערסא־נאל פון איינציגע צעהנדליגער מענשען, זענען גאר אייגענטליך צו־שפרייט איבער דער גאנצער מדינה, ווייט פון דעם ארט, וואו זייער מאנאפאל־פאבריק בעטרייבט זיך. די איינציגע ארבייט, וואס זיי האבען, איז: שניידען קופאנעס, אבנעהמען די דיווידענדען פון זייערע אקציעס, שיקען זיי אין די בענק און פון דארטען בעקומען פראצענט דעפראצענט. נאר די ארבייט קען מען אבפערטיגען אין איינציגע טעג (און אויך דורך א דיענער), די איבעריגע צייט מוזען זיי געבען עפעס זוכען מיט וואס צו בעשעפטיגען זיך, די „לייריגע שעה'ן פון שלאפען" ווי עס איז מבער צו זיין, מען זאל האטש פון זינען נישט אראב. דאן הייבט זיך אן א סדרה טעאטערס, באַ־לעטען, מאסקאראדען, בעלער, לוסט־רייזעס, אוואנטורעס — אבי פטור צו ווערען פון די צופיעל איבעריגע רוה און פון די צופיעל איבעריגע געלד, וואס דער פראלעטאריער, וועלכען זיי קענען גאר־ניט אייגענטליך, — עפעס א מין בריה אינ'ם עק מדינה — פערשאפט פאר זיי און פערפלייצט זיי.

און דער זעלביגער פראלעטאריער, פערשאפענדיג פאר לייטען צופיעל, קען פאר זיך נישט פערשאפען האטש די מאס, וואס ער געברויכט. זיין קעהלער ווערט אליץ טיעפער, נאסער און פינסטע־רער; זיין וועלט ווערט אליץ שמעלער און ענגער, זי בעשטעהט נאר ענדליך פון איינציגע טריט, וואס פיהרען פון קעהלער אין פאב־ריק. זיין מעת־לעת ווערט אליץ קירצערער — קוים קלעקט ער איהם אויף א האפ צוגעבען א דרעמעל. און דאס זענען שוין די גליק־

ליכע—פֿיעל געהען אַרום ליידיג און האָבען גאָר נישט בײַ וואָס צו פֿערדיענען אַ פֿעניג?!

עס בילדען זיך אַלזאָ אויס דרײַ שיכטען אין דער געזעלשאַפֿט: איין שיכטע—מענשען, וואָס האָרעווען, מאַטערען זיך ווי אייזלען און נאָך מעהר ווי אייזלען; אַ צווייטע—מענשען גליקליכע, פֿרייווילעגירטע ליידיגגעהער, וואָס ווילען קיין אַרבייט נישט טהון און דאַרפֿען קיין אַרבייט נישט טהון, און אַ דריטע—מענשען אונגליקליכע, פֿעריאָגטע ליידיגגעהער, וואָס ווילען טהון עפּעס אַנ׳אַרבייט, און מוזען טהון עפּעס אַנ׳אַרבייט—נאָר האָבען ליידער נישט וואָס צו טהון!

דערצו ברייננגט דער נײַער אופֿן פֿון דער עקספּלאָטאַציע, וועלכע ס׳וועט ענדליך אײַנגעפֿיהרט ווערען אין לעבען, ווען די טרעסטען, די מאָנאָפּאָליזירטע, אַקציאָנערע געזעלשאַפֿטען, וועלען אַרומהאַפּען מיט זייערע אײַזערנע אָרעמס אַלע צוויַיגען פֿון דער אינדוסטריע. איז עס אָבער מעגליך, אַז די מענשען־געזעלשאַפֿט זאָל קענען זיך גלײַכגילטיג פֿערהאַלטען צו אַזאַ אָרדנונג? ניין! דאָס וועט ניט זײַן קיין אָרדנונג, אַז איין קלאַס מענשען זאָלען האָרעווען אָהן אַ שעור און דאָך נישט האָבען די מעגליכקײַט צו ערנעהרען זיך נאַטירליך, און אַ צווייטע קלאַס זאָל נאָר לעבען מיט׳ן פֿרעמדען שווייס, קאַפּיטאַליזירען פֿרעמדען שווייס און פֿערשווענדען איהם אין רויך—און אַליין נישט אַרײַנשטעקען אַ פֿינגער אין קאַלט וואַסער—אַך, גאָט! בײַ היות אין וואַלד קומט דאָך ניט פֿאָר אַזעלכע אַכזריות!

מאָ וואָס־זשע בלײַבט דאָך צו טהון? ווי זאָל מען איבערבויען אונזער געזעלשאַפֿטליכעס לעבען, אַז דאָס עקספּלואַטאַציאָן זאָל אין איהר קיין אָרט נישט האָבען, אַז איין קלאַס מענשען זאָלען נישט לעבען אויף פֿרעמדע פּלייצעס, און דער צווייטער קלאַס זאָל נישט שטאַרבען צוליעב פֿרעמדע פּלייצעס?

דאָס איז אייגענטליך די פֿערפֿלוכטע פֿראַגע, וואָס שוין פֿון הונדערטער יאָהרען בעשעפֿטיגען זי די מוחות פֿון די גרעסטע און בעסטע מענער. און די גרעסטע און בעסטע מענער האָבען פֿאָרגעלעגט פֿערשיעדענע פּלענער, ווי צו ליזען אָט די אייביגע שאלה, נאָר ענדליך האָט דאָס צו קיין פֿערבעסערונג נישט געבראַכט אין דער געזעלשאַפֿטליכער אָרדנונג. דער אַנטאַגאָניזם פֿון די געזעלשאַפֿט־

ליכֿע קלאַסען איז געוואָרען אַלץ גרעסער, ווי מיר האָבּען געזעהן, און די פֿראַגע ווערט אַלץ שאַרפֿער: ווי היילט מען אויס אונזער געזעלשאַפֿט פֿון דער קאַפּיטאַליסטישער קרענק, וועלכֿע מאַכֿט איהר אַזוי אונגליקליך?

*

*   *

ניט די געלעהרטע מענער מיט זייערע טיפֿזיניגע פּלענער היילען די קרענק פֿון דער געזעלשאַפֿט, נאָר די צייט. די היסטאָריע איז דער דאָקטאָר פֿון דער געזעלשאַפֿט. עס דאַרפֿען זיך נאָר קלוגע מענשען געפֿינען, אַז ווען די צייט, דער דאָקטאָר, קומט צום צעפּט איבּערלעזען, כּדי איהם צו געבּרויכֿען.

און דער דאָקטאָר, די צייט, איז שוין געקומען; ער האָט הולה און פֿערשרייבּט איהם אַ רעצעפּט, זאָלען זיי קענען דעם רעשוין זיין רעצעפּט אויך פֿערשריבּען אונזער קראַנקער געזעלשאַפֿט...

*   *

*

אויף די זעלבּע טרעסטען, וועלכֿע דינען היינט פֿאַר אַ קוועלע פֿון צרות, האָט אונז די צייט אָנגעוויזען אויך ווי אויף אַ מיטעל, מיט וועלכֿען מען קען זיך ראַטעווען.

פֿון די טרעסטען זעהען מיר, אַז ביי היינטיגער ענטוויקעלטער אינדוסטריע און האַנדעלס-מיטלען איז מעגליך, אַז אַ גרויסער טהייל מענשען ביי אַ געוויסע אָרגאַניזאַציע זאָלען זיין פֿערזיכֿערט מיט זייער ערנעהרונג און זאָלען נישט דאַרפֿען יעדען טאָג זיך שרעקען פֿאַר זייער עקאָנאָמישען באַשטאַנד. די אָרגאַניזאַציע בּעשטעהט אין דעם, אַז די מיטלען, מיט וועלכֿע דאָס געשעפֿט ווערט בּעטריבּען, זאָלען זיין בּשותּפֿות'דיגע צווישען די לייט, וועלכֿע געהערען צו דער אָרגאַניזאַציע. דאָס בּעזייטיגט די קאָנקורענץ, ס'שטעלט אויף דעם פֿערבּונד צווישען דעם בּעטריבּ מיט'ן מאַרק, ס'שטעלט אויף די נאָרמע פֿון בּעטריבּ א. ז. וו. נאָר די טרעסטען זענען אָבּער אַ קאַפּיטאַליסטישע איינריכֿטונג, געהערען צו אַ געוויסען קלאַס און בּאַ-

שטעהען אַלזאָ אוים עקספּלואַטאַציע פֿון איין קלאַס אויף'ן חשבון פֿון צווייטען. דער טרעסט עקספּלואַטירט אָבער נאָר די קרעפֿטען וועלכע געהען נישט אַריין אין זיין אָרגאַניזאַציאָן; די מיטגליעדער פֿון טרעסט עקספּלואַטירט ער נישט, און וואָס מעהר מיטגליעדער עס געהערען צו'ם טרעסט, אַלץ ווינציגער ווערט די עקספּלואַטאַציע פֿון געוויסע פּערזאָנען. דער פּראָלעטאַריאַט קען אָבער נישט אַריינטרעטען אַלס אַ מיטגליעד אין די היינטיגע טרעסטען, וועלכע ווערען געגרינדעט דורך קאַפּיטאַליסטען, וואָס פּערלאַנגען, אַז יעדער מיטגליעד מוז אַריינטראָגען אַ געוויסע סומע געלד אויף די הוצאות פֿון די בעטריעבס־מיטלען, ווי די מאַשינען א. ד. ג.—קיין געלד האָט דער פּראָלעטאַריאַט נישט אַריינצוטראָגען, בלייבט ער פֿון דרויסען און ווערט עקספּלאָאַטיערט.

דעריבער מוז די געזעלשאַפֿט אַליין איינריכטען אַזעלכע טרעסטען, אַזעלכע פּראָדוקציאָנס־אָרגאַניזאַציעס אין אַלע פֿאַכען פֿון בעטריעב אין דער גאַנצער מדינה, אין וועלכע ס'זאָל קענען אַריינטרעטען די גאַנצע בעפֿעלקערונג, אָהן אַ שום אונטערשיעד. די געזעלשאַפֿט מוז שאַפֿען אַלע אינדוסטריע־מיטלען, דאָס געוועהר, די מאַשינען—וואָס נאָר ס'איז נויטיג צו'ם בעטריעב פֿון דער מדינה. די בעטייליגונג, וואָס יעדער מיטגליעד פֿון דער געזעלשאַפֿט דאַרף נעהמען אין דעם אַלגעמיינעם בעטריעב, בעשטעהט אין דעם, וואָס יעדער מוז דירעקט אַרבייטען ביי דער בשותפות'דיגע אינדוסטריע, און די פּראָדוקטען, וואָס אַלע באַזאַמען ערשאַפֿען, געהען אַריין אין דעם געזעלשאַפֿטליכען רשות. די געזעלשאַפֿט צוטיילט די אַלע פּראָדוקטען גלייך, נישט איינעם מעהר און נישט איינעם ווינציגער, נאָך דעם אַלטעגליכען געברויך פֿון מענשען. יעדער מיטגליעד פֿון דער געזעלשאַפֿט בעקומט זיינע ערנעהרונגס־מיטלען פֿון דעם אַלגעמיינעם בשותפות'דיגען בעטריעב.

נאָר אַז מיר זאָגען, אַז די געזעלשאַפֿט מוז אָרגאַניזירען אַ בשותפות'דיגען בעטריעב פֿון דער מדינה, מיינען מיר נישט, אַז דאָס מוז טהון חיים אָדער זרח, דער אָדער יענער, און זאָגאַר אַלע חיים'ס און אַלע זרח'ס פֿון דער געזעלשאַפֿט—אויף אַזאַ אופֿן וואָלטען

מיר זיך דרויף קיינמאָל נישט דערוואַרטען. די איניציאַטיווע אייַנצוריכטען די בשותפותדיגע אינדוסטריע אין דער געזעלשאַפט געהערט צו דער רעגיערונג פון יעדען לאַנד.

פון אייביג אָן איז געוועזען די הויפט־פונקציע פון דער רעגיערונג צו לייטען און אייַנאָרדענען די גלייַכע ערנעהרונג און אַרבייט פון איהרע רעגיערטע. איך מוז אייַך דערמאַהנען, מיט וואָס עס האָט זיך איבערהויפט בעשעפטיגט דער עלטסטער אין דער גרופּע אָדער אין דער פאַמיליע, ווען די צווערשטגעוועזענע מענשען האָבען נאָך געלעבט גרופּען־אָדער פאַמיליענווייַז און ס'האָט בייַ זיי עקזיסטירט דער קאָמוניזם. מיר האָבען עס אייַך דערצעהלט אין אָנפאַנג פון דעם דאָזיגען ביכעל: דער עלטסטער פלעגט אויפפּאַסען, אַז אַלע מיטגלידער זאָלען גלייַך, גענאָסענשאַפטליך שאַפען די ערנעהרונגס־מיטלען און אַלע גענאָסענשאַפטליך דאָס פערנוצען. נאָר פון דאַן, ווי ס'האָט זיך, צוליעב געוויסע היסטאָרישע סבות, אויסגעבילדעט פערשידענע קלאַסען מיט פערשידענע אינטערעסען און מיט פערשידענע מאַכט, פון דאַן אָן האָט די רעגיערונג אויפגעהערט זיך צו פערנעהמען מיט נאָרמאַליזירען, פעראָרדענען די אַלגעמיינע ערנעהרונג פון די רעגיערטע און זיך איבערגעגעבען צו די אינטערעסען פון יענע איינצעלנע קלאַסען, וועלכע האָבען צו דער צייַט געהאַט אַ גרעסערע מאַכט און אַ גרעסערע ווירקונג אויף דעם פּאָליטישען לעבען פונ'ם לאַנד. אין דער צייַט, ווען ס'האָט עקזיסטירט קנעכטשאַפט און הערשאַפט, האָט זי, די רעגיערונג פון יענער צייַט, זיך געהאַלטען בייַ דעם מעהר־קרעפטיגען קלאַס: בייַ די הערשאַפט; זי האָט פערשטאַרקט איהר מצב דורך פערשידענע מלחמות, פערגרעסערט איהר קנעכטענשטאַט; ווען ס'האָט עקזיסטירט נאָכדעם פּעאָדאַליזם (פּאַנשטשיזנע) מיט די וואַסאַלען (אָבהענגענדיגע אָן די פּעאָדאַלען), איז זי געוועזען אויף דער זייַט פון דעם פּעאָדאַל, דורך פערשידענע געזעצען איהם צוגעבונדען און געמעהרט זייַנע אונטערטאַנער. אַז ס'האָט זיך ענדליך אויסגעבילדעט דער קאַפּיטאַליזם און פּראָלעטאַריאַט, האָט די רעגיערונג פון מערב־אייראָפּאַ געשטאַנען יד־אַחת מיט די קאַפּיטאַליסטען, געגעבען זיי די מעגליכקייט וואָס מעהר צו עקספּלאָאַטירען דעם אַרבייטער־קלאַס,

פֿערשאַפֿט פֿאַר די קאַפּיטאַליסטען מעהר מערק פֿאַר זייער האַנדעל אין פֿערוואָרפֿענע לענדער א. ז. וו. די שטרעבונג פֿון דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפֿט בעשטעהט אין דעם, אַז די רעגיערונגען פֿון מערב־אייראָפּאַ זאָלען ענדליך נעהמען אין זייער אויבאַכט די אינטערעסען פֿון דער גאַנצער געזעלשאַפֿט, אָהן קיין קלאַסען־אויסשלוס. עס מוז געשאַפֿען ווערען אַ נייע עקאָנאָמישע אָרדנונג, ביי וועלכער ס'מוזען, ווי אַמאָל אין דעם פּעריאָד פֿון קאָמוניזם, אַלע מיטגליעדער פֿון דער מדינה אַרבייטען, פֿערשאַפֿען די נויטיגסטע ערנעהרונגס־מיטלען און די זעלבע אין גלייכע חלקים געברויכען.

כל זמן די געזעלשאַפֿט איז געטיילט אין פֿערשידענע קלאַסען, אין אַרבייטער און קאַפּיטאַליסטען, איז אונמעגליך, אַז די רעגיערונג זאָל קענען לייטען דאָס לעבען פֿון דער בעפֿעלקערונג און אַלעמען גלייך צופֿרידען שטעלען. די אינטערעסען פֿון אַרבייטער זענען אין אַ שטענדיגען ווידערשפּרוך צו די אינטערעסען פֿון קאַפּיטאַליסט: דעם קאַפּיטאַליסטס אינטערעס איז צו עקספּלואַטירען, דעם אַרבייטערס — זיך ניט צו לאָזען עקספּלואַטירען. אַלזאָ ווען די רעגירונג זאָל וועלען דינען אַלע מיטגליעדער פֿון דער מדינה גלייך אָהן אויסנאַהם, דאַן מוז זי פֿריהער די קלאַסען־צוטיילונג אונטערבריינגען, אַלעמען פֿערגלייכען. ס'מוז געשאַפֿט ווערען אין דער גאַנצער מדינה אַ איינאַרטיגע מאַסע, מיט איין טיטעל, מיט אַ איינאַרטיגען פֿערדיענסט, מיט אַ איינאַרטיגען געברויך, און דאָס קען נאָר זיין ביי אַ אַלגעמיינע בשותּפֿותדיגע אינדוסטריעלע אָרגאַניזאַציע, ביי אַ בשותּפֿות'דיגע חלוקה פֿון דעם ריוח וואָס בריינגט איין די אינדוסטרי פֿון דער גאַנצער מדינה.

דער קאָמוניסטישער אַרט לעבען איז שטענדיג געווען דער אידיאַל פֿון דער מענשענהייט. אונזערע יודישע חכמים לערנען אונז, אַז אַ מענש דאַרף זאָגען שטענדיג: „מיינס איז דיינס" (שלי — שלך). די הינעזישע נביאים האָבען שטענדיג געשטראָפֿט זייער פֿאָלק, פֿאַר

וואָס בּײַ זיי איז אײַנגעפֿיהרט פּריוואַט־אײגענטהום. געגען פּריוואַט־אײגענטהום זענען אויך די תּלמידים פֿון בּודאַ אין אינדיע. די ערשטע לעהרער פֿון כּריסטענטום, די גריכישע פֿילאָזאָפֿען זענען געווען פֿאַר אַ פּאָליטישען קאָמוניזם. נאָר דאַן האָט דאָס נאָר געקענט זײַן אַ אידיאַל אָבּער נישט מעהר: אין לעבּען האָט דאָס נישט געקענט פֿערווירקליכט ווערען בּײַ אַמאָליגען פּראָדוקציאָנס־אופֿן. דער קאָמוניזם האָט געקענט עקזיסטירען גאָר אין די ערשטע צײַטען בּעת אַז די שאַפֿונג פֿון די לעבּענס־מיטלען האָט זיך ווינציג וואָס געווענדעט אָן די פּערזענליכע אײגענשאַפֿטען פֿון מענשען, ווי מיר האָבּען שוין דאָס ערקלערט אין אָנפֿאַנג בּוך, ווען אַלעמעס אַרבּײַט האָט געקענט זײַן גלײַך פּראָדוקטיוו (ד״ה יעדערער בּײַ אַ געוועהנליכע מיה, ענערגיע און אַ געוויסער צײַט האָבּען געשאַפֿט אַ גלײַכער צאָהל פּראָדוקטען) ווײַל יעדער האָט נאָר געזאַמעלט דאָס, וואָס ער האָט געפֿונען פֿאַרטיג אין דער נאַטור. נאָכדעם ווי דער מענש האָט שוין אָנגעפֿאַנגען זעלבּסט פּראָדוציערען, און די פּראָדוקטיוויטעט איז געוואָרען אָפּהעגיג אָן די פּערזענליכע אײגענשאַפֿטען פֿון יעדען אינדיווידואום (פֿערזאָן) אָן זײַן פֿערשטאַנד, אָן זײַן געדולד, און אַזוי ווײַטער, דאַן האָט מען נישט געקענט פֿאָדערן, אַז דער מאַן, וועלכער איז מעהר פּראָדוקטיוו זאָל אַרבּײַטען פֿאַר דעם, וואָס איז ווייניגער פּראָדוקטיוו. איבּערהויפּט האָט דאָס נישט געקענט אויסגעפֿיהרט ווערען, ווײַל נישט אַלע פּראָדוקציאָנס־אופֿנים זענען שוין געווען גלײַך, איין מלאכה איז נישט גלײַך שווער ווי די אַנדערע, איין אַרבּײַטער מוז זיך מעהר אָנשטרענגען בּײַ זײַן פֿאַך ווי דער צווייטער בּײַ זײַן פֿאַך. נאָר בּײַ היינטיגער ענטוויקעלטער אינדוסטרי קען פֿערווירקליכט ווערען דער איבּיגער קאָמוניסטישער אידיאַל, ווײַל בּײַ היינטיגער טעכניק און בּעטריעבּ ווערט אַלץ ווייניגער די וויכטיגקײַט פֿון דעם אַרבּײַטערס פּערזענליכקײַט אין דער מלאָכה. בּײַ היינטיגע מאַשינעס אין דער גרעסטער טייל פֿון פּראָדוקציאָן גלײַכט זיך אויס די אַרבּײַטס ענערגיע פֿון אַרבּײַטער בּײַ פֿערשיעדענע מלאכות: דעם אַרבּײַטער בּלײַבּט כּמעט נאָר אַכטונג צו געבּען, אַז די מאַשינעס זאָלען געהן ווי געהעריג איז, סזאָל זיך נישט אָפּשטעלען, פֿערהיטען פֿון קאַטאַסטראָפֿעס און אַזוי ווײַטער. דעריבּער איז עס גאַנץ מעגליך, אַז די קונפֿטיגע רעגיערונג זאָל קענען אָרגאַניזירען אַ געזעלשאַפֿטליכע

אינדוסטרי אין דער גאַנצער מדינה, צווישען אַלע איהרע בעזיצער. זי וועט אויסקלייבען די אַרבייט, צו וואָס איינער איז מעהר פֿעהיג, לייטען די אַלגעמיינע אַרבייט און מיט דערזועלבער אַרבייט נאָכהער יעדען אַרבייטער ערנעהרען. ביי אַזאַ אָרדענונג וועלען ממילא פֿער־שוואונדען ווערען די אַלע אונגליקען, וואָס נעהמען זיך פֿון דער יעצטי־גער עקאָנאָמישער לאַגע. אַלעס וואָס ביי היינטיגער אָרדענונג מאַכט שווער פֿאַר דעם מענשען דאָס לעבען, וועט דאַן דאָס ווערען פֿאַר אַ קוואַל פֿון גליק און זעגען. היינט וואָס מעהר עס ווערט געבאָרען נייע מענשען אין דער געזעלשאַפֿט ברייינגען זיי מיט זיך נאָר נייע צרות, נייע דחקות. ווערט ער געבאָרען אין „פֿינסטערען קעלער“, קומט צו אַ איבעריגער עסער, ווערט ער געבאָרען אין „פּראַכטפֿאָלען האָטעל“ קומט צו אַ נייער פּאַראַזיט. ביי דער קונפֿטיגער אָרדענונג, ווען אַלע וועלען אַרבייטען און קיינער וועט נישט לעבען אויף דעם צווייטענס השבון, דאַן אַז ס׳וועט געבאָרען ווערען אַ מענש וועט ער קיינעם ניט דריקען, ער וועט זיך אין דער אַלגעמיינער אַרבייטס אָרגאַניזאַציע זיין ברויט פֿערדיענען בשפע. דען יעדער מענש ווערט גע־באָרען מיט זיין אייגענע ערנעהרונגס־קוועלע, וועלכע בעשטעהט אין זיין אַרבייטס־קראַפֿט. שלעכט איז נאָר, ווען פֿרעמדע רויבען ביי איהם זיין אַרבייטס־קראַפֿט און עקספּלואַטירען איהר!

די זעלביגע זאַך וועט אויך זיין מיט דער טעכניק. ווי מיר האָבען געזעהן זענען די מאַשינעס געוועען ביז איצט נאָר אַ מיטעל ווי צו דערשטיקען איין קלאַס מענשען און דערהויבען אַ צווייטען קלאַס. די מאַשינעס פֿלעגען נאָר פֿאַרגרעסערן דעם אַנטאָגאַניזם, די קנאה, די שנאה, די אָנגעהויבטע רייכקייט און די אונגליקליכע אָרימקייט ביי דער געזעלשאַפֿט. ביי דער נייער אָרדנונג, וועט די מאַשין, וועלכע וועט זיך ענטוויקלען אָהן אַנ׳אויפֿהער, נאָר פֿערגרינגערען דאָס העראָפּאַרבריינגען פֿון די נויטיגע פּראָדוקטען, פֿערקלענערען די אַרבייטס־צייט, וואָס די גאַנצע געזעלשאַפֿט מוז פֿערבריינגען אויף צו פֿרעשאַפֿען זיך איהרע לעבענס־מיטלען. ווען צ. ב. ש. ביי אַ איינפֿאַכער טעכניקע האָט די גאַנצע געזעלשאַפֿט געמוזט אַרבייטען 6 שעה טעגליך, זאָ וועט זי ביי אַ פֿערפֿאָלקאָמענסטער טעכניק נאָר אַרבייטען 4 שעה, ווייל די געזעלשאַפֿט, וואָס וועט ניט פּראָדוציע־רען אויף מסחר, נאָר פֿאַר איהר געברויך, וועט נישט בעטרייבען

מעהר, וויפיעל ס'איז נויטיג צו ערנעהרען און אונטערהאלטען דעם געזעלשאפטליכען פאליטישען לעבען פון דער מדינה; ס'וועלען ניט געצוואונגען זיין צו ארבייטען קיין מוטערס, קיין אונמינדיגע קינדער, קיין אלטע אדער קראנקע לייט.

די ליידיגע צייט, וואס ביי דער געזעלשאפט וועט בלייבען, וועט זי דאן קענען אויסנוצען אויף לערנען, אויף בילדונג, אויף פערשידענע גייסטליכע אינטערעסען. דאן וועט ווירקליך יעדער האבען די מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען ווי געהעריג איז, ווייל שולען וועלען זיין אלגעמיינע, אין וועלכע ס'וועלען זיך לערנען און ערציהען די גאנצע יוגענד פון דער געזעלשאפט אהן אנ'אויסנאהם. ביי היינטיגער ארדנונג ווערען טויזענדער טאלאנטען פערפאלען אהן ענטוויקלונג. עס ווערט געבוירען א קינד ביי ארימע לייט, דאס קינד איז דוקא א בעגאבטעס און, ביי א גוטען בעשטאנד, ווען עס וואלט זיך ערנעהרט גוט און געלערענט גוט, וואלט עס פיעלייכט געוועזען א פראפעסאר; האבען אבער זיינע עלטערען ניט געהאט די מעגליכקייט איהם צו געבען די פאסענדע ערציהונג, זיי מוזען דעם „איבעריגען פרעסער" מאכען וואס גיכער פאר א פערדיענער, און אנשטאט א פראפעסער ווערט ער גאר א פורמאן. דאס זעלבע — עס ווערט געבוירען ביי א קאפיטאליסט א קינד. דאס קינד איז פעהיג צו זיין א גוטער טעכניקער, איז ער אבער צו רייך, ער זאל געהן אין מייסטער־הויז ארבייטען, די עלטערען פאסט עס ניט — פאהרט ער בעסער ארום מיט שאנסאנעטען. — ווער ווייסט, וויפיעל געניעס די מענשענהייט האט שוין פערלוירען אין די פינסטערע קעלערס, ווי אויך אין די צו־ליכטיגע סאלאנען, וויפיעל דאקטוירים, וויפיעל אינזשענערען, וויפיעל קינסטלער, וואס וואלטען געקענט און געדארפט פערלייכטען אונזער לעבען?! — ביי די נייע ארדנונג וועלען אזעלכע אונגליקליכע צופאלען מעהר נישט פארקומען. ס'וועט יעדער האבען גענוג צייט און גענוג בעקוועמליכקייט צו ענטוויקלען זיך אלערזייטיג, ענטוויקלען זיין טאלאנט צו פערנעהמען זיך מיט די ערשאפונגס־ארבייט, צו וועלכע ער האט מעהר נייגונג (לוסט) און צו וועלכע די נאטור האט איהם בעשטימט.

מיט דער נייער געזעלשאפטליכער ארדנונג וועלען פערשוואונדען ווערען פיעל קרענק, וועלכע נעהמען זיך איבערהויפט פון ניט־

נאָרמאַלען לעבען: פֿון צופֿיעל אַרבײַטען און וועניג עסען, אָדער פֿון צופֿיעל עסען און וועניג אַרבײַטען. זי וועט אויך אויסראָטען אַ גרויסע טהייל פֿון שלעכטע זיטען: דאָס וואָס די געזעלשאַפֿט איז געווען ביז איצט אײַנגעטהיילט ניט גלײַך און דאָס וואָס צווישען דעם קאַפּיטאַל איז ניט געווען קיין גלײַכגעוויכט, האָט פֿערשאַפֿט זעהר פֿיעל שלעכטע מדות. דער קאַפּיטאַליסט, האָבענדיג געלד מעהר ווי זײַן געברויך, האָט שטענדיג זיך געסטאַרעט צו פֿערפֿיהרען אין זײַן לעבען זעהר גרויסע לוקסוסען, ערשטענס, כדי פּטור צו ווערען פֿון דער „שווערער מטבע”, וואָס האָט איהם געמאַכט שווער דעם טאָש, און צווייטענס, כדי זיך אויסצוצייכענען פֿונ׳ם נידעריגערען קלאַס; איין קאַפּיטאַליסט דעם צווייטען האָט אויך זיך געסטאַרעט איבער צופֿתאַנטעווען, איבער צוגלאַנצען — דאָס האָט מיטגעבראַכט צו קנאָה, צו שנאָה, צו גאווה, צו פּוסטע יהסנות, צו נאַשערײַ און תּאוה, און די האָבען שוין פֿון דער צווייטער זײַט אַרויסגערופֿען: גנבות, גזלות, רציחות ווי אויך פּראָסטיטוציע א. ז. וו.— און דאָס אַלעס וועט פֿערשוואונדען ווערען אין יענעם טאָג, ווען ס׳וועט אונ־טערגעבראַכט ווערען די קלאַסען-טהיילונג, ווען אַלע וועלען זײַן גע־זעלשאַפֿטליך און עקאָנאָמיש פֿערגליכען, ווען די פּראָדוקציאָנס-מיט־לען וועלען נישט געהערען צו אײַנצעלנע פּריוואַט-מענשען, ווען די ענטוויקלונג און וויסענשאַפֿט וועלען נישט דינען פֿאַר איין פּרי־ווילעגירטען קלאַס, כדי צו עקספּלאָאַטירען דעם צווייטען קלאַס, ווען אַלע וועלען האָבען גלײַך זייער לעבענס-מיטעל, ס׳וועט איינער ניט האָבען מעהר און דער צווייטער וועניגער, ווען דער מענש וועט זיך אומקעהרען צו לעבען, ווי די נאַטור האָט געבאָטען, זײַט זי האָט איהם בעשאַפֿען — אַרבייטען צוזאַמען און געברויכען די פּראָ־דוקטען פֿון דער אַרבײַט צוזאַמען!

און דער טאָג געהט, הערט זײַנע טריט. קוקט זיך צו צו׳ם מזרח — דאָרטען האָט זיך בעוויזען אַ רויטע לענטע איבער די הויכע בערג...

דאָס איז דאָך די ערשטע ערשײַנונג פֿון טאָג!